# די יודישע פאַמיליע

## אַ מאָנאַטליכער זשורנאַל
## פיר ליטעראטור און וויסענשאַפט.

פערלאַג: חברת „אחיאסף".

אלול תרס"ב. II. באנד. דריטעס העפט. SEPTEMBER 1902.

אבאנאמענטס־פרייז

פיר עסטרייך־אונגאַרן:

יעהרליך . . . . 10.— קראָנען

האַלביעהרליך . . . 5.— „

פיערטיליעהרליך . 2.50 „

איין איינצעלט העפט 80 העללער.

פרייז פאַר די יעהרליכע אַבאָנענ־טען פון דער ציימונג „דער יוד": נור — 3½ קראָנען (מיט פאָרטאָ (3 מאַרק, 3 שיללינג, 4 פראַנק).

דער פרייז פיר רוסלאַנד:

גאַנץ־יעהרליך . . . . 4 רובל

האַלביעהרליך . . . . 2 „

פיערטיליעהרליך . . . 1 „

פאַר די יעהרליכע אַבאָנענטען פון דער צייטונג „דער יוד": נור 1 רובל (מיט פאָרטאָ 1.50).

פרייז פיר יעדעס העפט — 40 ק.

פרייז פון מודעות:

1 זייטע 20 רובל, ½ זייטע 12 ר.

¼ זייטע 6 רובל, ⅛ זייטע 3 ר.

אדרעסע:

Administration „Die Jüdische Familie, Krakau, Gertrudy 16.

פיר רוסלאַנד:

Изд. Ахіасафъ, Варшава.

## אינהאלט:



קראקא

דרוק פאַן יוסף פישער (גראָדגאַססע 62).

נמצא בדפוס ובקרוב יצא לאור:

# אחיאסף

## מאסף ספרותי עם תמונות וציורים

ונלוה אליו לוח השנה, כרוניקה, ביבליוגרפיא וידיעות שמושיות

# לשנת תרס"ג

ערוך ע"י ר. ברײנין.

**בשנה זו נמלאו עשר שנים למיום הוסד „אחיאסף" על כן הוציאה החברה לשנת תרס"ג לוח־יובל לזכרון.**

לוח־היובל גדול הוא בכמותו (שלא בערך לעומת תשעת הלוחות הראשונים), ועשיר בחלק הספרות היפה במאמרים לשאלות הזמן, בתולדות וציורים ספרותים. כל החלקים האלה מעובדים ומבוררים בבחינת השפה והסגנון ובבחינת התוכן. הסופרים הכותבים לועזית ששלחו את מאמריהם לה„לוח" כתבום לשמו ולא הדפיסום בשפה שבה כתבום. — גם חלק הציורים והתמונות מצטיין בערכו: הציר הגדול יוסף איזראעלס הקדיש ללוח פרי הרטו ואמנותו הגאונית, והציר הנודע ליליען קשט את מעטפת הלוח בציורו.

# אַ טעות.

ע ר צ ע ה ל ו נ ג.

ג.

דעם גאַנצען טאָג איז בערקע געווען, ווי אויפגעלעגטער. ער האָט אַליץ נאָך געשוויגען, ווי געוועהנליך; נאָר דאָך געשוויגען מיט מעהר אינטערעס, געזעצט זיך נעבען הירשלען, זיך אַלע מאָל איבערגעקוקט מיט איהם, צוגערוקט איהם די שער, דאָס קלעציל „מאקארא", אָדער סיי וואָס, ער האָט געזעהן — יענער דאַרף עס, און ס'לינט ווייט פון איהם. אַז הירשעל האָט לויט זיין געוועהנונג אָנגעהויבען זינגען אַ „מַעֲבִיר ,עוֹנוֹת ,עַמּוֹ" אָדער אַ „יעלה" — האָט זיך בערקע אפילו געפרופט אונטער־ברומען — אזוי ווייט, אַז דעם מאַשיניסט האָט זיך עס געוואָרפען אין די אויגען: „בערקע האָט היינט געהאַט אַ גוטען חלום, האָט ער איינגערוימט אַ שניידער־יונג אין אויער — אַ־ידאי — אַ ווייסע קאבולא מיט אַ רויט ציימיל."

— „אָדער איין אויסגעפרעסטע נאָז מיט אַ גראָבער ליפ" — ענפערט איהם יענער אויך אין אויער אַריין.

ביידע צולאַכען זיך אויפ'ן קול; דער איבעריגער עולם לאַכט אויף באַרג; מסתם וועט מען זיי דערצעהלען שפעטער, פון וואָס מע לאַכט. נור בערקע מיט הירשלען קוקען זיך ניט אום — זיי זענען פערנומען מיט זיך. זיי איילען זיך צו. זיי ווילען היינט פריהער פאַרטיג ווערען.

פאַרטיג געוואָרען פאַר נאַכט מיט דער אַרבייט — זענען זיי אַרויסגעגאַנגען אין וועלדיל אויפ'ן נעכטינען אָרט אונטער דעמזעלבען בוים.

בערקע האָט צוגעגרייט אויערען מיט האַרץ, און הירשעל האָט זיך גענומען דערצעהלען:

„איך טהייל ערטער, הויבט הירשעל אָן, איז מיין היסטאָריע אַזוי ווי דיינע. איך האָב אויך געהאַט צו זינגען, און צו זאָגען מיט די ווייסע פנימ'ער, מיט די צי־טענע קליידליך, נאָר דאָך—ניט ווי דו, אָט, אַ שטיינער הער איך רק — דו זאָגסט: „פערליעבט, האסט ניט געקאנט שלאָפען". אַזוי פלעג איך הערען פון מיין געשטאָר־בענער שוועסטער, פון געוועזענעם שוואגער: „ליעב—פערליעבט.. כ'ווער פערשרפה'ט!"

זיי פֿלעגען מיר אַלײן װײזען אָט דאָ אונטער'ן לעפֿעלע. ס'נאָגט, ס'ציהט, ס'ברענט, ס'צופּט, ס'קלאַפּט!" איך מוז דיר דעם אמת זאָגען: איך פֿערשטעה עס ניט. מיך האָט קײנמאָל ניט געצופּט, ניט געברענט. איך פֿערשטעה, למשל, ס'איז אנגענעהם צו האָבען בעקאנטשאַפֿט מיט אַ מײדיל, איבערצװינקען זיך אַמאָל מיט איהר, חאַפּען אַ שפּאַציער בסוד, און געזעגענען זיך, און אָבשמועסען זיך אויף מאָרגען און װער שמועסט נאָך פֿאַר אַזא מענש, װי איך, װאָס איז תמיד אַלײן, װאָס חוץ דער „נאָדעל", האָט ער זיך ניט מיט װאָס צו פֿערנעהמען!... פֿערשטעהסט? ס'זענען נאָך פֿאַרהאַן צװישען די ליאַלקעס אַזעלכע פֿרעהליכע, אַזעלכע פֿערשאַרטע, אז זײ מאַכען דיך אַזוי פֿרעהליך, אַזוי אויפֿגעלעגט! פּלוצלינג פֿאַלט זײ אײן, און הויבען דיך אָן האָדעװען מיט קאָנפֿעקטען, בעקומסט פּלוצלינג פֿון אײנער אַ בריװעלע מיט אַ גאַנצען פּלוידער: „ליעבער, טײערער, האָבגעשעצטער, מײן זון, מײן לבנה! איך ברען, איך שרפֿה, איך צוגעה זיך, איך צושמאַלץ זיך!" זײ האָבען שױן דערױף צוגעקליבענע װערטער מיט אײנפֿאַלען, אַז ס'ברעכט מוהות.. און ניט אײן מאָל האַלטסט דו זיך בײ די זײטען לאַכענדיג... און אַלע — כמעט מיט אײן נוסח, װי פֿון אַ „תחנה" אַרױס.. און דער סוף — װאָס איז? דער גאַנצער „מי ברעיט"? — „קום; טײערער, װאָױלער זיסער — פֿאַרנאַכט אַהין און אַהין, װעלען מיר אַביסיל שפּאַציערען!" נו, לפּנים מוסטו דאָך עפּיס ענטפֿערן, נעמסטו אַ בריװעלע װאָס דו האָסט פֿון אײן אַנדערער „יאחנא", און שרײבסט נאָך און ענטפֿערסט דער. אָדער — אַז ניט, נעמסטו טאַקי איהרס אַלײן, און שטעלסט עס אַביסיל איבער, און ענטפֿערסט. נאָכדעם פֿאַרנאַכט, אַז דו האַלטסט װאָרט... אַי, אַי, אײ! אַ גדולה אויף איהר טאַטען! געבראַכט — דיר אַ גאַנצע סעודה! דאָס איז אנגענעהם און פֿרעהליך — נאָר ס'זאָל מיך גאָר צופּען, בראָטען, קלעמען אונטער'ן לעפֿעלע! ? דאָס װײס איך ניט, און האָב קײנמאָל ניט געװאוסט. אָט, אַ שטײגער, איך זאָל דיר אנהױבען — ניט נור פֿון דער ערשטער, װײל יענע האָבען זיך ניך געביטען: געשרפֿ'ט און געברענט, ביז זײ האָבען אויסגעברענט.. נאָר כ'ל דיר אנהױבען פֿון אַ דבורה'לען... דאָס איז געװען נאָך פֿאַר מײן שװעסטערס התונה. איך האָב געאַרבײט אין א קלײן שטעדטיל ראַדיצע בײ אײנעם „װאָלף שנײדער" — אַזױ האָט מען איהם גערופֿען אין שטאָדט, װײל מעהר קײן שנײדערס איז אין יענעם שטעדטיל ניט געװען. ער איז געזעסען אין דער פּיאַנטגאַס צװישען אַלע גבירים. אַלײן — אויך קײן קבצן ניט געװען, מײנע רײד זאָלען איהם ניט צו שהער זײן. אין דער צװײטער שטוב פֿון איהם איז געזעסען אַ יוד — אַ האַלבער עושר, אַ שטיקיל אויפֿגעקומענער: נפתלי הײמאָװיטש — דאָס איז געװען דבורה'לעס פֿאָטער.

דבורה'לע האָט אויף מיר אנגעהױבען װאַרפֿען אײגליך; איך — אויף איהר. זי איז גאָר קײן מיאוסע ניט געװען! אַלע בחורים פֿון אַלע קלאַסען מענשען פֿלעגען שמועסען פֿון איהר; װי נעזאָגט, זי איז די שענסטע פֿון שטעדטיל.

אַזױ לאַנג אַזױ ברײט — אנגעהױבען האָט זיך פֿון אַלע פֿאַרנאַכט אַרױסקומען אויפֿ'ן טױער, נאָכדעם — אַ בריװעלע. אויף כלומר'שט פֿערלױרען, און איך האָב עס געפֿונען, אויף כלומר'שט יאַ־צו מיר, ניט־צו מיר... נאָכדעם האָב איך פֿערלױרען אין

זי האָט געפֿונען, דערנאָך בעקאַנט זיך, נאָכדעם שפּאַצירען... אַזוי ווייט, ביז מיר זענען נאַר־נאַר היימיש געוואָרען... און זי האָט מיר פֿאָרגעשלאָגען אַ פּלאַן פֿון התונה האָבען; טראַכט איך זיך: וואָס אַרט מיך? ס׳אפשר ניט קרום. ווער שמועסט נאָך ווי זי האָט מיר אויסגעמאָלט אַ גאַנצע מעשה: „נעהמען נדן, ווערען אַ סוחר, אויס שניידער, צוברעכען די נאָדעל!“ זאָג איך: נו, נו! איך בעשטעה, זי האָט שוין גענומען אויף זיך, זי וועט מיר זאָגען, ווען ווי אַזוי און וואָס איך דאַרף וועמען דערפֿון זאָגען. „דערוויל לאמיר׳ס האַלטען בסוד“ זאָגט זי. איך האָב איהר געפֿאָלגט און געהאַלטען בסוד.

זי האָט זיך מיר אנגעהויבען אריינמישען אין מיינע זאַכען: וואָס פֿאַר אַ געהאַלט איך נעם? ווער פֿערדיכט מיר גרעט? ווען און וואָס איך דאַרף מיר עפּיס מאַכען, קליידען? מיר האָט ווילד הנאה געטהון פֿון דער זאַך, ווייל, אין אמת׳ן גערעדט, איז דאָס ביי מיר די שווערסטע אַרבייט. איך בין בטבע ניט קיין קאַרגער, כ׳זואָלט מיך תמיד שענער געקליידעט. נאָר אַז ס׳קומט מיר צום מאַכען, איז מיר שווער דאָס אויסקלויבען... מיר איז תמיד שווער אויף עפּיס אליין צו פּאַסען זיך: איך דאַרף האָבען, יענער זאָל מיר ווייזען: אָט, דאָס טהו, און יענס טהו ניט! איך האָב זיך מחיה געווען, אַ־ויפֿגעוואָרפֿען אין גאַנצען אויף איהר. זי האָט געטראַכט און איך האָב געטהון. האָפּט עס דער שוואַרצער טאָטער! יענס איז געווען דאָס בעסטע שטיקל צייט. פֿרעהליך און גרינג געווען. עפּיס האָט זיך געלעבט אַזוי זיכער.

און דאָס איז געווען אַ מויד! איין עקשן! גלייך אַריינגעגאַנגען צום פּאָטער: „טאַטע, זאָגט זי, ס׳וועט דיר גאָר ניט העלפֿען! הירשעל דאָס קליינע שניידעריל, איז מיין התן! אַז דו וועסט מיר איהם ניט געבען, וועל איך דיר אַ בּישה אָנטהון!“ וואָס אַ מויד פֿאַלט איין צו זאָגען! און יענעם איז געווען אַ פֿינסטערע בּישה: אַ יוד, אַ שטיקל עושר! און פּלוצלינג אַ שניידערוק פֿאַר איין איידעם! שבת־דאַווענען געהען מיט אַ שניידערוק. ס׳איז דאָך אַ בזיון סיי פֿאַר ו׳עלכען עושר, ווער שמועסט נאָך פֿאַר איין אויפֿגעקומענעם. וואָס איז אפשר אליין געווען אַ שניידער, אַדער אַ שניידער׳ס איין אייניקיל, ווייסט איהם דער פֿעטער מתושלה. און דאַרף מע זאָל ווי גיכער פֿערגעסען דערפֿון... און ט׳האָסטו דיר פּלוצלינג אַ איידעם אַ שניידער!

הירשעל האָט זיך צולאַכט. בערקע האָט זיך אויך ניט געקאָנט אויפֿהאַלטען, איהם איז געפֿעלען די לייכטינקייט, די גערינגקייט, מיט וועלכע הירשעל דערצעהלט זיין היסטאָריע, גלייך עס קעהר זיך צו איהם ניט אָן. „ווי ער האָט עס אַ ביסיל געדולד יענעם צו בערעכענען!“

„נור אַ משכון זאָל מען פֿערזעצען, — דערצעהלט הירשעל ווייטער, — אין איין עושר זאָל מען זיין! ווארום קוים איין עושר, האָט ער שוין שכל ווי אַזוי איין עצה זיך צו געבען. „כּסף זָהָב טהר מְזוּרִים“ געלד מאַכט דיך פֿאַר אַ ממזר קאָפּ׳ — הייסט עס.

געציפֿערט ווען זי איז אַוועקגעגאַנגען אין גאַס אריין — האָט מיך דער עושר, דער ממזר אריינגערופֿען צו זיך אין זאַל אריין: „הער־זשע צו, זאָגט ער מיר: מיין דבורה׳לען איז אריין אַ קלפּה—זי׳ וויל התונה האָבען מיט דיר. נאָר איהר וועט עס

ביידע ניט דערלעבען, כ'ל דינגען שלעגערס... אלע טאג וועט מען דיר די לונג אב־שלאגען! ביז צו דער שווארצער הופה אייערער וועסטו שוין ליגען אין ווייסע תכריכים קלויב דיר אויס איינס פון די ביידע: אדער אלע טאג געשלאגען צו ווערען, אדער נא דיר א פינפציגער און פאהר דיר אוועק פון דאנען. אויף הוצאות וועל איך דיר געבען א חוץ." איך האב מיך איבערגעשראקען ניט אויף קאטאוועס; פאר שלאגען האב איך תמיד מורא, און דא ניט מען נאך הוצאות מיט פונפציג רובעל אין קעשענע אריין, הכלל — איך בין בעשטאנען, ביז אין א שעה איז פערפאהרען א גוטע פוהר פאר וואלף שניידערס הויז. מ'האט מיך פערפאקוועט און אויפגעלעגט. איך האב געציטערט, דבורה זאל אין מיטען ניט ארויסקומען; זי וואלט קאליע מאכען אינגאנצען. נאר זי האט מען א פנים אויך ערגיץ פערטראכט, פער־נארט און אוועקגעשיקט.

איך בין פון דארט אוועקגעפאהרען קיין רעסניעווקע."

דארט בין איך גאר געהאט אריין ווי א נאדעל אין א קישען פעדערן. פון אנהויב, פערקעהרט, איז'ס געגאנגען ווי א מזמור: אין מיר האבען זיך פערליעבט אקעגען א האלב טוץ מיידליך, אלע — נעמאלט און געטאקט. נור איינע פון זיי איז געווען שענער און טאקי עלטער, האט זי מיך געוואונען. און זי טרייבט אויך קיין קאטאוועס ניט: ווער מיר בריעווליך, וואס מיר בריעווליך? זי האט דאס אין גאנצען איבערגעפיהרט, גלייך אנגעהויבען פון דער זאך. בעקאנט זיך מיט מיר, שפאצ'ערט א פאר מאל — דוקא ניט מיט די אונטערגאסען, אפען! „פאר וועמען איז'ס דא מורא צו האבען? הייסט עס: ביי קיינעם ניט גע'גנב'ט!" און זי דערצעהלט מיר בקיצור, זי איז א נייטארין, ט'זיך אבגעשפארט א ביסיל נדן מיט קליידונג מיט התונה הוצאות. דער פאטער איז איין ארימאן, נישטא זיך וואס צו פערלאזען אויף איהם. דערפאר אבער נישטא וואס מורא צו האבען, טאמיר וועט ער מיר א דעה זאגען. א קבצן האט קיין דעה ניט; און נאכדעם ווערט א שמועס, ווי היינטיגע צייטען איז שווער פאר א לייטיש מיידיל א זוג זיך צו צוקלויבען.. איינעם רעדט מען איהר, זאגט זי, האט ער אבער גערדיענט; האט זי מורא אויב ער האט ניט בעקומען א גראבען כאראקטער... זי זוכט, זאגט זי, א מענש, וואס — קאטארי — וועלכער זאל זיין... זאל צושטעהען צום הארץ.. א קלוגען; נו, פערשטעהט זיך א שענעם אויך.. בקיצור — ווייטער א מעלה נאך א מעלה — איך ווייס ניט וואו ארום זי איז ארויסגעקומען אויף מיר, איך— וועגען איהר, און — „מזל טוב" און „חתן כלה" און אבגעלעגט א זמן החתונה אויף א יאהר.

האט זי זיך מיר אנגעהויבען אריינמישען אין מיינע פערדיענסטען; מיך געמוסרט, איך זאל קיין געלד ניט אויסברענגען, און דאס האט זי זעהר גלייך געטהון; איהר צו פערדאנקען האב איך א שען קערביל אבגעשפארט.

נאר צו פיעל מרה־שחורה'דיג איז זי געווען אין דער זאך. אויף איינמאל — דאס איז שוין געווען א חדש פאר דער התונה, זיצט זי און טענה'ט מיט מיר איין, ווי ווייט א קערביל איז נויטיג; און הויבט מיר אן דערצעהלען: „מיינסט תמיד איז אזוי? ווארט, נארעלע! מ'האט חתונה, געהט אוועק עטליכע יאהר, האט מען עטליכע קינדערליך; קינדער קאסטען געלד; א מאל, בעהיט גאט, ווערט דאס ווייב קראנק;

מע מוז גאָר דינגען איין אַם צום קינד, א דיענסט אין שטוב אריין; צוויי מאָל נדן געמט מען ניט. ווערט א קינד קראַנק, איז—צרות; האָט מען צו טהון מיט אפטעהק און דאקטאר; און, בעהיט גאָט, פאַר צרות ווערט מען אליין קראַנק... מע קאָן ניט פערדיענען; אז ס'איז נישטאָ איין אבנעשפאַרט קערביל, שטאַרבט מען הס ושלום פאַר הונגער".

רעדען האָט זי געקאָנט — גלייך זי לייענט פון א ביכיל! און זי האָט געביך גאָר ניט געמיינט; נאָר איך האָב זיך דערשראָקען... ביי נאַכט האָט זיך מיר שוין געהלומט: א קליין שטיביל מיט דריי ווייגעליך; אין אַלע דריי—קראַנקע קינדערליך מיט א קראַנק ווייב; און אַליין בלינד אויף איין אויג... קוים וואָס איך זעה די נאָדעל אריינצוציהען... און דאָ שטעהען דאָקטוירים מיט אפטייקערס בעשטעלען מיך מיט פיאווקעס, און שינדען פון מיר פאַסען...

„שלעכט, — טראַכט איך מיר אויפ'ן אַנדערן טאָג: שלעכט אריין! וואָס טויג מיר דאָס גאַנצע מין „התונה האָבען? געזונטערהייט אריינלענען זיך אין א קראַנק בעט אריין? וואָס איז? כ'האָב עס טאַטע־מאַמע געהרג'ט?"

צו מיין גליק האָב איך זיך פערטרויט פאַר אַ שניידער יונג, וואָס האָט מיט מיר ביי איין טיש געארבעט: „וואָס טהוט מען?" פרעג איך איהם איין עצה.

און ווייסט יענעם אויך דער שוואַרצער פּעפּער! דאָס ערשטע האָט ער מיך שוין א פרעג געטהון: „דו ביסט פערליעבט?"

„וואָס הייסט, איך בין פערליעבט? ענטפער איך איהם: וואָס דען? פיינד האָב איך זי? וואָס האָט זי מיר דען אַזוינס שלעכטס געטהון, איך זאָל זי פיינד האָבען?"

און יענער קייכט און קייכט, און קאָן זיך גאָר ניט אויסלאַכען. „ווייסטו וואָס איך וועל דיר זאָגען, ענטפערט ער מיר, נעם און אַנטלויף, ווי גאָט איז דיר ליעב! אַנטלויף פון איין אונגליק. דו ליעבסט זי ניט. דו וועסט תמיד זיין איין אונגליקליכער און זי — נעבעך דיר."

וואָס איז'ס אַזוינס דאָס מין, וואָס זיי רופען ליעבען, און וואָס איז דאָס, אַז ס'איז נישטאָ דאַרף מען אַנטלויפען? איך ווייס. כ'האָ'ליעב מיין שוועסטער, מיין מוטער.. איז דאָך ראשית — אַ שוועסטע" מיט אַ מוטע' — ניט קיין פרעמדע!.. פון וואַסער — בלוט קאָן מען ניט מאַכען! פרעמדס איז ניט מיינס!.. שנית, איז טאַקי פון יענער ליעבע אויך ניט דאָס, וואָס ביי אייך: עס צופט ניט, עס בראַט ניט, עס ציהט ניט. כ'האָ'נור ליעב, און שוין! ניין, דאָ מוז עפּיס זיין! אָדער איהר אַלע.. כ'ווייס? וואָס זאָל איך אייך חושד זיין? נאָר אפשר נאַרט איהר אָב? איהר טראַכט אויס „צופען, בראַטען", כדי ס'זאָל שענער אויסזעהען.. כדי מע זאָל אויף אייך רחמנות האָבען.. אָדער אַז נישט, פעהלט מיר עפּיס א פנים, א דאָ פּונקט אונטערן לעפעלע, וואו איהר ווייזט, אַז עס צופט און בראַט.. און דערפאַר, אַפּנים, קאָן עס מיך ניט צופען.

בקיצור איך האָב איהם געפאָלגט. צוויי טאָג פאַר דער התונה — „ויברח יעקיל".

מיר זענען נאכדעם נמאס געווארען די אלע ליאלקעס מיט זייערע קאנפעקטען, מיט זייערע זיסע ברייוועליך. איך האב א צייט ניט געקאנט קוקען אויף זיי. נאר אינאיינעם מיט זיי, איז מיר נמאס געווארען די מלאכה אויך. ס'איז מיר אלדינגס נמאס געווארען. פונקט אויף דעם ארט, וואו איהר ווייזט, אז ס'בראט אייך, דארט פונקט האט מיך אנגעהויבען נודען... נור אויף צו נעמען און אין וואסער זיך צו ווארפען — מיר דאכט, אז איך האב דאס ניט געטהון, אז איך האב ניט גענומען און געווארפען זיך אין וואסער, איז'ס אויך נור אויס פוילקייט געוועזן; ווייל ווארפען זיך אין וואסער האב איך זיך גענדארפט אויפהויבען און געהען... האט זיך מיר געפרעגט א שאלה „נאך וואס?" פונקט ווי אז מ'האט מיך גערופען צו דער ארבייט, האב איך זיך אייך אזוי געפרעגט: „נאך וואס?"

א מערכה, וואס איך בין אהיים געפאהרען. מיין מוטער האט נאך דעמאלס געלעבט. זי האט זיך מיר אנגעהויבען קלאגען: דאס שוועסטעריל וואקסט אונטער, און זי קאן עס צו לייטען ניט ברענגען. איך האב בעטראכט — מיין שוועסטעריל, ווי זי איז אזוי געשטאנען פאר מיר ארויסגעלאזט די אויגען, ווי עפיס א זאך, וואס מע דארף עס נעהמען אין קעשענע אריין... מיר האט אנגעהויבען ווארעם ווערען אין הארץ; און איך האב אזוי פיל א טראכט געטהון... א ביסעלע לעבעדיגער געזאגט: „איך נעם זי אויף מיר!" און נאך לעבעדיגער האב איך זיך גענומען צוריק צו דער נאדעל.

הירשעל איז אויף א ווייל אנטשווינען געווארען; געלעגט זיך גאזענדיג און האט זיך פערקוקט אין הימעל אריין.

דאמאלס האב איך געוואוסט, נאך וואס איך ארבייט; און אז כ'האב אוועק געלעגט פארנאכט, אדער שפעט ביי נאכט, די ארבייט, האב איך אויך געוואוסט — נאך וואס. איך האב געוואוסט — אין דער היים ווארטען אויף מיר א מאמע מיט א שוועסטער, וועלכע זענען אזוי צופריעדען מיך צו זעהען. און איך בין אזוי גליקליך, אז איך געפין זיי פרעהליך, געזונד און אויפגעלעגען!

די מאמע רעכענט זיך אלע נאכט אויס: ס'איז שוין דא, קיין בייז אויג, אויף נדן, דאס איז א אנהויב אויף קליידונג... מיין שוועסטעריל ווערט רויט, און די אויגען פינקען מיט שטיל פייער... איך פיהל, איך טהו עפיס.

היינט זענען זיי שוין בײדע אין גן־עדן, מ'שטיינס געזאגט; איך ארבייט, און ווייס ניט — נאך וואס. איך בין אוועק געפאהרען, כדי איך זאל דארט ניט זיין: כ'האב'קיין הארץ ניט געהאט צו בלייבען דארט, וואו זי איז בעגראבען געווארען. פערפאהרען בין איך ביז אהער. מ'האט מיך געפרעגט, וואס איך בין, האב איך געזאגט — א שניידער, ווייל איך בין דאך ניט איין שוסטער! לאזט זיך אויס, אז דער פרעגער איז א יוד — א מעקלער, און ער פיהרט מיך צו א שניידער, בין איך געגאנגען. הייסט מען מיר ארבייטען, מע זאל וויסען מיין ווערט — ארבייט איך. זאגט מען מיר, מע צאהלט דיר פון שטיק — זאל זיין אזוי! איך ארבייט אצונד, נור ווי א אומרוה אין א זייגער, וואס שאקעלט זיך, אפילו ווען די קייט האט זיך שוין אויסגעלאזט. שאקעלט זיך, שאקעלט זיך, אבער ער דארף בלייבען שטעהען...

בערקע האָט זיך פערטראַכט אין הירשעלס ערצעהלונג אַזוי, אַז ער האָט אפילו ניט בעמערקט, ווי יענער איז אנטשוויגען געוואָרען. ער האָט זיך ענדליך אויפגעהאַפּט, געשטעלט זיך אויף די פיס, און אויסגעשטרעקט די האַנד דעם חבר איהם העלפען אויפשטעהען.

—הער נור צו, ברודער, וואָס איך געפין אין דיין ערצעהלונג. אונז האָט נאָט אַליין צונויפגעפיהרט. מיר זענען ביידע בעשפאַט פון דער נאַטור. איך קאָן ליעבען, נאָר קיינע קאַן מיך ניט ליעבען; דיך האָט איטליכער ליעב, נאָר דו קאָנסט קיינע ניט ליעבען — מיט יענער ליעבע, מיין איך, וואָס זי צופּט אונטער'ן לעפעלע... אַלץ איינס! ביסט ניט ווענינער אונגליקליך פון מיר. מיר הייסען אַזאַלכע מיני קאַליקעס.. אָט, קום מיט מיר אין איינעם, וועלען מיר ביידע טהון א שפּיי אויפ'ן לעבען, ס'הייסט אויף דעם חלק לעבען, וואָס מ'האָט אונז קיין טהייל ניט געגעבען דערינען! ניט געגעבען — דאַרף מען ניט! לערן דיך קוקען אויף זיי אַלע ווי אויף שונאים.. שונאים, וואָס האָבען צוגענומען מיינס און דיין חלק. איי — ס'איז נודנע? ניין! מיר זענען דאָך שוין צוויי! יעדערער פון אונז האָט שוין פאַר וועמען צו זאָרגען. איך — פאַר דיר, דו — פאַר מיר. און דאָ אָדער סיי וואו, וועלען מיר זיך ביידע צונויפקומען, שעלטען, לאַכען, שפּעטען אויס יענע אַלע געפּאָרטע מאַן־און־ווייב, יודען אין טליתים, משרתים ביי זייערע קיכען, משרתים מיט דיענסטען אויפ'ן גאַנצען לעבען —

— נו געשלאָסען, נאָך פון נעכטען געשלאָסען.—ענטפערט הירשעל פרעהליכער און נעריהרט פון בערקעס רייד. ער האָט געפינען, אַז יענער האָט רעכט; זיי שטעהען טאַקי ביידע אַזוי נאָהענט, ביידע ווי אבגעזונדערטע פון איטליכען. ער ווייסט, אַז פיעל סצענעס פון זיין לעבען האָט ער איבערגעהיפּערט אין זיין ערצעהלונג, אַז פיעל מאָל איז ער געשטאַנען אָט־אָט חתונה צו האָבען, נאָר אַז ס'איז געקומען נאָהענט דערצו, האָט ער זיך דערשראָקען פאַר'ן עול פון אַ ווייב מיט קינדער. און וואָס דער עיקר איז, ער האָט נאָך קיינמאָל קיין איינציגע ניט געליעבט. אַלע זיינע סצענעס האָבען זיך אַנגעהויבען אָדער אויף אַ שפּאַס אָדער זי האָט איהם אַרויסגערופען דערצו, און ער האָט ניט געהאַט קיין אורזאַכע זיך אָבצוזאָגען פון דעם. וואָס גוטע ברודער רופען עס „אונטערלעבען". ער איז אַ פּנים אַנדערש בעשאַפען... קיינער האָט איהם דער־ווייל ניט איינמערקזאַם געמאַכט. ס'ערשטע מאָל הערט ער עס פון בערקע'ן.

ער האָט דערפיהלט צו זיך אַ מין „דרך־ארץ", וואָס קראַנקע מענשען דערפיהלען צו זיך, ווען מע זאָגט זיי, אַז זייער קראַנקהייט איז איין אויסגענומענע. וואָס קיינער קרענקט אויף איהר ניט; וואָס ניט יעדער האָט די זכיה צו איהר — און אין איינעם מ'ט דעם — אַ מין רחמנות אויף זיך, וואָס מענשען קאָנען פיהלען — טאַקי נור צו זיך.

ביידע זענען אַהיים געגאַנגען אויפגעלעבט און רעדענדיג וועגען נייען שותפות־דיגען לעבען, וואָס זיי וועלען פערפיהרען.

---

ד.

די ערשטע ארבייט, וואס בערקע האט געפונען פאר נייטיג צו טהון פון שותפות'דיגען לעבען ווענען, איז געווען — א בעזונדערע קוואַרטיר צו דינגען פאר זיך מיט „זיין“ הירשלען: „גענוג שוין — גע־ונד זיין אויף פרעמדע גלעלנערס זיך וואלגערן. מילא עסען — איז אויך דאס איינענע; וואו מען ארבייט, איז שם תקבר! ס'האט נאך א מעלה: טאמיר פערדיענט זיך ניט, הונגערט מען מיט'ן „בעל־הבית“ אין איינעם... מע האט וועניגער בייי איהם צו מאנען דערנאך... נאר „פיער ווינקעליך“ — איינענע דארפען מענשען האבען! און אפשר, אז ס'וועט זיך ענדיגען דער הודש, וועלען מיר זיך פון קעסט אויך אנטוועהנען, מיר זענען שוין היבשע יונגליך, מע מעג אונז קאכען בעזונדער!“

ער האט אוועקגעלענט א פארנאכט דערויף, און האט אבגעזוכט א בעקווע־מען צימער ביי שמעון דעם פרעסער. ער האט דוקא געזוכט א פרעמדען — ניט אזעלכען, מיט וועלכען ער ארבייט ביין איין בעל־הבית. און שלאגט זיך אין איהם אן גאנצע טעג ביז צום „ווידערצען“ — נאר אז ער האט קיין אנדער ארט ניט גע־פונען, האט איהם דא געמוזט געפעלען.

עס האט זיך געוויזען — די זאך איז אבגעטהון. מעביל איז דארט דא פונקט וויפיעל מע דארף: ס'שטעהען אין צימער צוויי בעטליך. צוויי בענקליך, א בעקוועם קליין טישיל — פערשפרייט מיט א ריין לײנוואנדטען טישטוך; אלעס אין צימער איז ארעם נאר ריין, וואס האט געוויזען אז די בעל־הבית'טע איז א בריה און האט ליעב ריין, בערקע איז געבליבען העכסט צופריעדען.

דאך, אויפ'ן צווייטען טאג אז שמעון איז געוואהר געווארען, אז דאס צימער איז געדונגען פאר הירשלען אויך, האט ער פלוצלינג חרטה געהאט אויפ'ן שמועס.

—„איך האב דאך אייך געזאגט פאר צוויי מענשען!“—טענה'ט בערקע מיט גאל.

— „איהר האט מיר טאקי געזאגט כאר צוויי — זוכט יענער תרוצים—נאר... איך וויים, איך האב א פנים פערהערט... איך האב געמיינט נור פאר אייך... פון צוויי ווענען... האב איך קיין ארט ניט“.

בערקע האט געפרובט איבער־רעדען, מוסיף זיין; יענער האט זיך אבער גע־עקשנ'ט. ער איז גיכער בעשטאנען, א העלפט פרייז נאכלאזען פונם מקח, נאר דאס צימער זאל בלייבען פאר בערקע'ן אליין.

בערקע האט אויפגעצויגען מיט די פלייצעס. ער האט געוואוסט — ער האט קיין ברירה ניט; קיין אנדער צימער קריגט ער ניט. ער האט גענומען דאס צימער פאר זיך, מיט דער טרייסט, אַה. אמוועניגסטען, וועט ער מיט הירשלען פארט קאנען דא פערברייננען די פרייע צייט. שלאפען וועט ער דארפען אהיים געהען; אבער זיצען אין מיינע „פיער ווינקעליך“. וועט דאך איהם קיינער ניט קענען וועהרען.

דאך איז ביי איהם די זאך געבליבען א רעטעניש. „פאר־וואס וויל דער פרעסער נאך איין קוואַרטיראנט ניט אריינלאזען? ער איז דאך איין ארימאן! „דריי רובעל“ א הודש דארף ביי איהם האבען א חשבון!“

און דאָס רעטעניש איז איהם ערשט אויפגעלעזען געוואָרען אין א פּאָר חדשים אַרום, ווען ער האָט זיך נעהענטער בעקאַנט מיט שמעון׳ס פאַמיליען־לעבען, דערווייל אבער האָט ער זיך ניט שטאַרק געבראָכען דעם קאָפּ דעריבער, און איז געבליבען צופריעדען. הירשעל איז גליקליך געווען ווי אַ קינד. דאס נייע לעבען, די זאָרגען אויף יעדער קלייניגקייט: אַ קליין מעשען־סאמאוואַריל, גלעזער, נויטיג געפּעס — און דער גלייכען האָבען אין איהם אַביסיל פרישקייט, אַביסיל אינטערעס אַריינגעבלאָזען. ס׳איז געווען פון וואָס צו טראַכטען, קלערען, שמועסען, וואָס צו וועלען, מיט וואָס צופריעדען צו זיין; און חאָטש ער האָט דאָ אויך קיין אייגענע מיינונג ניט אַרויסגעוויזען, ער איז דאָ אויך געבליבען צופריעדען מיט דעם. וואָס בערקע האט געפונען פאַר נויטיג צו קויפען, און געבענקט נאך דעם, אויף וואס בערקע האָט געוויזען, אַז ס׳וואָלט נייטיג געווען אין צימער דאך איז נור דאָס ערשטע מיט׳ן לעצטען וואָרט געווען בערקעס. בערקע, אַ שטיינער, האָט געמאַכט אַ פראַגע, אויב ס׳איז ניט נויטיג אַ וועש־געשיר, און בערקען האָט געקעהרט דער לעצטער „יא" אדער „ניין"; דאס מיטעלסטע אבער, דאָס קלערען וועגען דער זאַך, האָט געהערט צוביידען... דאָ האָט הירשעל אַ גלייכען טהייל מיט׳ן חבר געהאַט. ס׳איז געווען פון וואָס צו זאָרגען, שמועסען און פערשמועסען זיך. זיי האָבען באמת אַ פּנים געהאַט, ווי אַ פּאָר פאָלק נאָך דער התונה — אַז ס׳געהט אַראָב אויף אייגענע קעסט. הירשעל האָט זיך נור מצער געווען, פאַר וואָס ער קען דאָ ניט בלייבען נעכטיגען. נאר בערקע האָט איהם געטרייסט, אַז ער האָט ניט אויפגעהערט זוכען איין אַנדער צימער, וואו זיי וועלען ביידע קאָנען, ניט נור — שלאָפען נאר טאַקי — קעסט עסען, וואו זיי וועלען דורכ־אויס, „אין איינעם בעזונדער" לעבען.

און דאָס איז געווען פאַר ביידען אַ מין ברעג, צו וועלכען מע דאַרף זיך רייסען. הירשלען איז געפעלען די זאַך מיט איהר נייקייט. בערקע האָט נאך ווייטער געקוקט: „מיר וועלען עסענען אַ וואַרשטאַט אַ בעסערע, ווי ביים פאָלקאָווניק, ביי דעם קאַליקע!"

„און דאַמאָלס – האָט ער זיך פאַרנעשטעלט אין געדאַנקען — וועלען מיר פערפיהרען אַ שטוב, האַלטען אַ דיענסט"; ארבייטער וועט ער קלייבען דורכאויס בחורים פון זיין גלייכען; ס׳הייסט: אדער אַזעלכע מיאוסע, ווי — ער; אדער אַזעלכע ווי הירשעל; אַזעלכע, וואָס דאַרפען זיך ניט שמאַדען אויף אַ „יוד אין אַ טלית׳ וואָס דאַרפען ניט התונה האָבען.

דאָך זענען זיי ביסליכווייז צוגעוואָהנט געוואָרען צו די אומשטענדע. אַלע אָווענדען ביז שפּעט ביי נאַכט, אַלע שבתים פלעגען זיי פערברענגען אדער אין דעם קליינעם צימער, אדער אין וועלדיל אונטער יענעם בוים; און וואָלטען ניט געווען איבערגעגאַנגען, ווען עס טרעפט זיך ניט אַזוינס, צו וועלכען בערקע האָט ניט געקענט רוהיג בלייבען.

שמעון דער פרעסער האָט בעוואָהנט אַ הויז וועלכעס איז בעשטאַנען, אייגענט־ליך פון איין גאַנץ גרויסען צימער. ווען דאָס הויז זאָל שטעהען אין ארץ ישראל, וואו ס׳איז קיין ווינטער ניט געדאַכט. וואָלט עס אויף היינטיגען טאָג נאַך אַזוי געבליבען,

נאר אַזוי ווי דאָס הויז איז געשטאַנען — ניט אין ארץ ישראל, האָט זיך עס בעניי־טיגט אין אַ הרובע. די הרובע איז בעשטאַנען פֿון אַ וואנד, וואָס, האָטש זי האָט אין דער הייך ניט געגרייכט ביז צום באלטען, דאָך האָט זי צוטהיילט דאָס צימער אויף צווייען, איז פֿון איין העלפֿט געוואָרען אַ קיך, די צווייטע איז געבליבען אַ עסצימער צו די מאָלצייטען, אַ שלאָפֿצימער אויף ביי נאַכט; אַ טואַלעטצימער ווען האנצי, דעם פּרעסער'ס ווייב, — נאָך גאָר אַ יונגע און דערצו אַ שענע — האָט געדאַרפֿט געהען אויף התונות און פֿאַרשפּיעלען; און ענדליך אַ סאַלאָן געסט אויפֿצונעהמען. נאָר דער בעל הבית האָט זיך איינגעקוקט אַ מאָל אין זיין פּאלאַץ און האָט געפֿונען, אַז די קיך איז אונגעלימפּערט גרויס, כמעט אין גאַנצען איבעריג... און האָט זי איבערגעטהיילט מיט אַ הילצערן ווענטיל. ס'איז צוגעקומען נאָך אַ איבע־ריגער צימער; און דאָס האָט מען בעדקען פֿערדונגען. דער בעל הבית מיט זיין ווייביל זענען געוואָהנט געווען צו רעכענען זיך אַליין אין אַ בעזונדערן צימער, און האָבען זיך ניט געהיט צו רעדען וועגען „היימישע אינטערעסען" אויפ'ן הויכען קול, אויף „מאַן־און־ווייב" שפּראַכע. קיין שענע ווערטער, קיין איידעלע אויסדריקען האָט מען, געוועהנליך, ניט נאָכנעזוכט.

אין דער ערשטער צייט פֿלעגט בערקע ליידען דערפֿון: אַביסיל, ווייל ער איז פֿאָרט קיין געבוירענער בעל־מלאכה ניט געווען, פֿאָרט אין איין איידעלערער סביבה אויפֿגעצויגען געוואָרען; און דאָס איבעריגע האָט אויף איהם ניט קיין קליינעם איינ־דרוק געמאַכט דאָס וויסען, אַז ער איז פֿערהאַסט ביי אַלע „ליאַלקעס"... זיין פֿריהער גזר־דין וואָס ער האָט אַרויסגעגעבען אויף זיך, אַז ער וועט קיינמאָל ניט חתונה האָ־בען, ער איז געווען צו שטאָלץ מודה צו זיין, אַז „פֿאַמיליען לעבען" איז אַזאַ „שאַץ" צו וועלכען איטליכער קאָן זוכה זיין, נור ניט — ער, ווייל ער איז אַ מענש מיט הסרונות... בעליידיגט פֿון דער נאַטור. איהם איז גרינגער געווען צו זאָגען, אַז דער „שאַץ", איז קיין שאַץ ניט; אַז זייער „גן־עדן" איז אַ „גיהנום", אַז דאָס פֿערהעלטע־ניש פֿון אַ „יונגיל מיט אַ מיידיל" — אין וואָס פֿאַר פֿאָרמען עס זאָל ניט זיין — איז אַ זומפּ פֿון לעהם.

און אַזוי ביסליכווייז האָט זיך ביי איהם אויסגעארבעט א שטרענג מאָראַליש געפֿיהל. ער האָט ניט געקאָנט גלייכגילטיג הערען קיין מיאוסע ווערטער, וואָס מע רופֿט אויף יודיש „נבול־פּה". ווייל ער איז געווען דאָס, וואָס מען רופֿט אויף יודיש איין „עהרליכער בחור" — ניט קיין הילוק, צי ווייל ער האָט געוואָלט אַזוי זיין, אדער ווייל ער האָט געמוהט אַזוי זיין.

און דאָ, זיצענדיג ביי זיך אין צימער, האָט ער אָפֿט מאָל געמוזט הערען אַזוינס, וואָס האָט געריסען זיין ריינעם אויער... נאר ביסליכווייז איז ער דערצו גע־וועהנט געוואָרען. פֿערקעהרט, ער פֿלעגט זיך לוסטיג איינהערען. ער האָט געפֿונען דערין אַ מין פֿערגעניגען פֿון נקמה אין אַלע יענע „שענע פּנימ'ער", וואָס האָבען א זכות אויף „פֿאַמיליען־לעבען". „אָט וואָס הייסט „געלעבט ווי די טייבעליך און געביסען זיך ווי די הינד, און געגראָבען זיך ווי הזרים" — פֿלעגט ער ניט אהן פֿער־געניגען זיך טראַכטען.

און אנהויבען פּלעגט זיך עס פֿון קליינינקייטען.

איהם אַ שטייגער איז דער נאַכטמאָהל ניט געפֿעלען; „וועניג פלייש עפּיס היינט געקאָכט". זאָגט ער ווי צו זיך.

איז דערויף אַ תרוץ געוועזן: „לויט'ן געלד, וואָס האָסט מיר איבערגעלאָזט, איז עס נאָך צופֿיעל! פֿון מיר וועל איך ניט שניידען און קאָכען!"

האָט ער זיך משער געווען: „האָסט מסתּם אַראָב גע'גנב'ט אויף פּודער!" איז נעגאַנגען איין ענטפֿער: „שכּור'ניק".

איז געגאַנגען אַ קשיא, איז געקומען אַ תּרוץ, ביז מ'איז פֿערקאָכען... מ'האָט זיך אָנגעהויבען אויסוואַרפֿען חטאים פֿון פֿאַר דער התונה...

און הטאים האָט איינער דעם אַנדערן אויסגערעכענט מיט סמנים... מיט נעמען פֿון לעבענדיגע מענשען, און קיינער פֿון זיי האָט ניט געלייקענט... מ'האָט זיך נור געצאהלט מיט אַ זכר, מיט אַ הטא פֿאַר אַ הטא.

„ביידע זענען פֿערשמירטע געוועזן ביז צו דער התונה... ביידע האָבען ביז צו דער התונה געזינדיגט ביחידות... חתונה געהאַט — הייסט עס „צונויפֿגעלעגט די זינד בשותּפות..!" — טראַכט בערקע וועגען זיי.

„און אָט אַזוי קריענט מען זיך... מע דערמאַנט דאָס געוויזענע... נאָכדעם בלייבען זיי דאָך אונטער איין דאַך אין שותּפות'דיגע פֿיער ווינקעליך... און מע מאַכט גליקליך די וועלט מיט נייגעבוירענע שניידערליך..."

אויפֿ'ן אַנדערן טאָג, נאָך איינער פֿון אַזעלכע „נעכט אין צאנקען", אַז בערקע האָט געשמועסט מיט הירשלען, און האָט מיט איהם גע'הזר'ט זיין געוועהנליכען פּסוק: „שפּיי אויף זיי! ניט געגעבען — דאַרף מען ניט" — איז איהם צוגעקומען נאָך אַ פּסוק, נאָך אַ תּורה:

„מענשען, גיט ער הירשלען צו פֿערשטעהען — זענען זינדיג... מע זינדיגט ביהידות... חתונה האָבען הייסט צונויפלעגען זיך מיט דער נידרינקייט מיט די זינד בשותּפות."

הירשעל האָט ניט געהאַט קיין אורזאַכע — ניט מסכּים צו זיין אויף די נייע תּורה.

פֿון אָפֿטערע אַזעלכע פֿאַמיליען־נעכט, האָט בערקע זיך אויף איינמאָל אָנגעשטויסען אַז שמעון אייפֿערט זיין געפּוצטע „טאָק", פֿרעגט, „ווער ס'איז געוועזן היינט דאָ אין שטוב? — ווען ער איז ביי דער אַרבייט געוועזן?" „וואָס האָט יענער געדאַרפֿט?" „וויפֿיעל איז ער געזעסען?" זי האָט אַ געוועהנונג צו רייצען איהם ביי אַזעלכע צופֿאַלען: ענפֿערט איהם האַלבע ווערטער און — ניט גלייך: גיט איהם פּלאַץ, ער זאָל וואָס מעהר זי חושד זיין... און אַזעלכע סצענעס ענדיגען זיך אויך ווי אַלע סצענעס, מיט שטוב השבונות, מיט געוויזענע סודות פֿון פֿאַר „כּלה־התן" צייט. נאָר זי בלייבט תּמיד ווי צופֿריעדען פֿון אַזעלכע קריגען...

איינע פֿון די סצענעס האָט בערקען מעהר ווי תּמיד פֿעראינטערעסירט. ס'האָט געטראָפֿען אַזוי, אַז ער איז פֿאַרנאַכט אַרויסגעגאַנגען צו בעגעגענען הירשלען און אָנעקצונעהמען איהם צום וועלדיל. הירשעל איז געגאַנגען צו איהם. זיי האָבען זיך

ביידע אויסגעפּעהלט מיט די וועגען, הירשעל האָט איהם ניט געטראָפען אין זיין צימער און בערקע איז פערגאַנגען ביז צום פאלקאָווניק, און האָט ביי שמעון׳ן געפרעגט, אויב ער ווייסט ניט, וואו הירשעל איז. יענער האָט איהם גענפּערט, אז ער בע־דאַרף זיין אין „צימער" — זיי האָבען זיך ביידע אומגעקעהרט און געטראָפען דאָרט הירשלען אין ערוואַרטונג. ביי נאַכט, ווען בערקע איז שוין געלעגען אויפ׳ן געלעגער און „זיי" האָבען געדעכענט ער׳ שלאָפט שוין, האָבען מאַן־און ווייב פערפיהרט אַ פאַ־מיליען־געשפּרעך:

— „וואָס האָט דאָ הירשעל היינט געדאַ־פט?" פרעגט שמעון אַרייסרופענדיג.

— „וואָס פאַר איין הירשעל?"

— „צדקת! אָט ווייסט זי גאָר ניט!"

— „אַ! הירשעל! ער איז ניט געווען!"

— „ניט געוועזן!? האַ האַ! כ׳האָ׳דאָך איהם דאָ געטראָפען! ער האָט אײך ווי אַ תם געענטפערט — ער ווייסט ניט, וואו דו ביסט; ער האָט די שטוב געפונען אַליין, נאָר אויף זיין פנים האָט מען דערקאַנט!"

— „נו, אַז ער איז געווען? יאָ, יאָ, כ׳האָב זיך דערמאַנט! ער האָט געפרעגט אויף דיר. האָב איך געזאָגט ביסט נישטאָ; איז ער אַריין נעגאַנגען צו מיר!"

— „נו"? פרעגט דער פערפיהרטער מאַן אויפגערייצט.

— „האָט ער דאָ געטראָפען „שלמה מחליעם"!"

— „שלמה מחליעם?! ער האָט ווידער אָנגעהויבען קריעכען אַהער? און דו לאָזט עס?"

— „וואָס זאָל איך טהון?"

— „אַ שטעקען! מע נעמט אַ שטעקען צו איהם!"

— „נו, און דיר האָט דען אָבגענומען די הענד — זאָלסט עס טהון? ביסט דען געלעהמט? וואָס האָב איך פאַר אַ נויט?! דו, דו ביסט ניט קראַנק! מע ליגט ניט אין די שענקען! מען איז אין דער היים, און מע היט דאָס ווייב!"

און ווייטער... און העכער...

אַזעלכע סצענעס פלעגען פּראַינטערעסירען מיט זייער סוף: אַז די קריעג האָט געגרייכט ביז דער לעצטער הייך, פלעגט זי איהם ערשט אויפבינדען די אויגען, וויזען מיט סימנים, ווי זי האָט איהם „געפיהרט אין באָד" אַריין, אָבגענאַרט מיט איין אויסגעטראכטער מעשה פון אָנהויב ביז׳ן סוף; ווער שלמה מחליעם? וואָס פאַר הירשעל? זי איז גאָר געזעסען דעם גאַנצען אווענד ביי דער שוויגער, „ביי דער מו־טער דיינער" — פלעגט זי איהם אַ שמייס איבער׳ן פנים דערלאַנגען. און נאָכדעם פלעגט געהען אַ ביסיל טרעהרען, אַ ביסיל פערענפערונג... דעמאָלס פלעגט זי ביי איהם אויסנאַרען הארבע שבועות: ער זאָל אין שענק אַריין ניט אַריינטרעטען; און אַ מסקנא אָבצושפּאָרען עטליכע קערבליך און פאָהרען ערגיץ צו — אַ צדיק וועגען קינדער. וואָס האַלטען זיך ניט ביי זיי — און דאָס פאַר פאַלק, וואָס האָט זיך „גע־ביסען ווי די הינד", פלעגען פלוצלינג אָנהויבען „וואַרקען ווי די טויבען"...

דאס מאָל אָבער האָט בערקע דעם סוף ניט אויסגעהערט. איהם האָט עפּיס אַנדערש פּעראינטערעסירט; ער איז איצט געוואהר געוואָרען. פאַר וואָס שמעון האָט ניט געוואָלט הירשלען פאַר אַ קוואַרטיראַנט!... איהם איז פערענפערט געוואָרען, פאַר וואָס דאָס צימער איז קיינמאָל קיינעם ניט פערדונגען געווען, ביז ער איז געקומען. „שמעון האָט מורא פאַר זיין טאָך!... ער וויל זי קיינעם ניט פערטרויען. נור מיר האָט ער זי פערטרויט! פאַר מיר האָט ער ניט מורא!... אויף מיר, ווייסט ער עס געוויס, וועט זי ניט א קוק טהון אפילו! ער האָט אַ גוטען משגון; מיין הארב, מיין נאָז, מיין ליב, מיין גאַנצע משונה'דיגע צורה".

ער האָט זיך געפונען העכסט בעליידיגט. ער האָט זיך אויסגעמאָלט אין געדאַנקען, ווי שמעון קען איהם אויסלאַכען אין האַרצען... „קאָן זיין, ער האָט מיך געשטעלט פאַר אַ שומר ביי זיין ווייב! קיין אַנדערע זאָלען דורך מיר ניט קאָנען צוטרעטען"... ער איז יענע נאַכט ניט געשלאָפען, געטראַכט און געטראַכט, און געפּאַסט אויף מאָרגען — אויסצוזוכען איין אַנדער צימער. פון איינעם וועגען וועט ער אפשר פּאַרט קריעגען. דאָ בלייבען — קאָן ער ניט מעהר. גיכער וועט ער שוין צוריק איבערגעהען צום פאָלקאָווניק, איידער דאָ צו בלייבען.

און ער האָט אויפ'ן צווייטען טאָג געזוכט און געזוכט און האָט פאַרט ניט געקריגען. איהם איז דאָס זוכען אַ צימער אַצינד נאָך שווערער געוואָרען, הייל ס'זיינען איהם צוגעקומען נייע תנאים צום צימער: ער דאַרף אַ צימער פאַר צווי מענשען אָדער — האָטש פאַר איינעם, נאָר אַ גרויסען, ווי פאַר צווי, אַ בעקוועמען; אין גלייכען געלד; סאַמאָוואַר מיט בעטצייג; און די בעל הבית'טע זאָל זיין אַ „בריה", נאָר אַ מיאוסע. און אַז ער האָט אַזאַ צימער מיט די אַלע פונקטען ניט געקריגען, און האָט געמוזט איבערגעהען צוריק צום פאָלקאָווניק — האָט איהם אָנגעהויבען נמאס ווערען דאָס אָרט, און האָט אַ טראַכט געטהון פון אַוועק פאָהרען.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט און בעמערקט. אַז דאָס שותפות'דיגע לעבען, וואָס ער האָט געשלאָסען מיט הירשלען, איז נור אויף דער צונג געבליבען. באמת לעבען זיי דאָך ווי פריהער: מעהר ווי אַ גלעזיל טהיי פון נייען סאַמאָוואַריל און אַ איבעריג וואָרט, ווען ס'איז דאָ צייט — האַפּען זיי ניט אין איינעם. „עט ס'איז נור מסקנות, שפּייט ער אויס און בייזערט זיך אויף זיך אַליין, ס'איז אַ ווייבערישע מסקנות! מע דאַרף אַרויספאָהרען אין אַ גרעסערער שטאָדט אַריין. דאָרט וועלען מיר אָנהויבען יענס נייע לעבען! אין אַ גרויסער שטאָדט איז קיין מאַנגעל אין קיין שום זאַך. דאָרט קריגט מען קוואַרטירען מיט מיאוסע בעל הבית'טעס אויך".

ער האָט אָנגעהויבען אָפטער צו טראַכטען וועגען דעם, און וואָס מעהר ער האָט געטראַכט דערפון, מעהר איז'ס איהם צום האַרץ צוגעשטאַנען; ביז די זאַך איז ביי איהם פאַרטיג געוואָרען אויף „ניט אַנדערש".

ער האָט הירשלען אפילו אויך שוין דערצעהלט, וואָס ער האָט געפּאַסט וועגען זיך מיט איהם. יענער האָט אויסגעהערט פעראינטערעסירט, געשמייכעלט, ווי אַ קליין קינד, אַז מע רופט איהם, ער זאָל זיך אַביסיל דורכפאָהרען...

בערקע האָט פֿריהער געוואוסט, אז הירשעל וועט בעשטעהען, פון זינד זיי האָבען זיך בעקאנט, אדער ווי בערקע פֿלעגט זאָגען — „פערבונדען", איז יענער נאָך פֿון זיינע רייד ניט אַרויסגעגאַנגען.

עס איז נור געבליבען אויסצוקלויבען א צייט צום פֿאָהרען — און דאָס האָט אויך בערקע גענומען אויף זיך.

(ענדע קומט.)

י. שטיינבערג.



# יהודה ליב גאָרדאָן.

(צעהן יאהר נאָך זיין טויט).

---

אין פֿערגאנגענעם מאָנאַט אלול איז געוואָרען צעהן יאָהר, זייט דער טויט האָט פֿון אונז צוגענומען אונזער גרויסען דיכטער און שרייבער יהודה ליב גאָרדאָן. די צייט היילט אַלע וואונדען; די פֿערלאָפֿענע צעהן יאהר האָבען אויך פֿערהיילט די שווערע וואונד, וואָס גאָרדאָנ׳ס טויט האָט געמאַכט אין אונזער הארצען; אָבער ניט אויסגעלאָשען האָבען זיי זיין אנדענקען; זיין נאָמען איז נאָך פֿריש ביי אונז אַלעמען. אַ מת ווערט פֿערגעסען, אָבער גאָרדאָן קען ניט פֿערגעסען ווערען, ווייל ער איז ניט קיין מת. געשטאָרבען איז נור דער קערפּער; זיין גייסט אָבער איז ניט געשטאָרבען; דער דיכטער איז אונשטערבליך, ער לעבט אייביג.

פֿיעל איז שוין געשריבען געוואָרען וועגען גאָרדאָן אין דער ליטעראַטור, אָבער אַלין נור פֿאַר די העברעאישע לעזער; גאָרדאָן פֿערדינט אָבער, אַז דאָס גאַנצע פֿאָלק, אַפֿילו די וואָס רעדען און פֿערשטעהן נור דעם זשאַרגאָן, זאָלען איהם קענען מיט זיין גאַנצער גרויסקייט און פּראַכט. זיי האָבען דאָך געלעזען זיינע „שיחת חולין“, זיינע לידער אין דער פֿאָלקס־שפּראַכע; זיי האָבען געזעהן דאָרט די גרויסע ליעבשאַפֿט, וואָס האָט געברענט אין גאָרדאָנ׳ס האַרצען צו

„מיינע שוועסטער און מיינע ברידער,
וועלכע האָרעווען די גאַנצע וואָך
און ברעכען נעבאַך די קראַנקע גלידער
און שלעפּען ווי אָקסען דעם שווערען יאָך“...

אָבער אין יענע לידער האָבען זיי נור געזעהן אַ שוואַכען גלאַנץ פֿון דעם דיכטער; זיין גאַנצע גרויסקייט האָט ער ארויסגעוויזען אין העברעאיש, דאָרט שטראַהלט ער מיט זיין פֿולער ליכטיגקייט, דאָרט זעהען מיר דעם אונשטערבליכען דיכטער, וואָס ווען ער זינגט פֿרעהליך, צוגיסט זיך אַ פֿרייד אין אונזערע אַלע איברים; ווען ער קלאָגט, צאַפּט ער פֿון אונזערע אויגען ביטערע טרעהרען; ווען ער שפּאָט און שטעכט, פֿיהלען מיר דעם שטאָך אין צעהנטען ריפּ. דאָרט, אין העברעאיש, זעהען מיר דעם גרויסען קינסטלער אין דער שפּראַכע, דעם גרויסען קענער, דעם שאַרפֿען וויצלינג און סאטירי־

קער, וואָס קנעט אונזער הארץ ווי מע קנעט וואַקס. און פאר די אלע, וואָס די אוצרות פון גאָרדאָנ'ס טאַלענט און גייסט זענען פערשלאָסען, ווילען מיר דערצעהלען, ווער און וואָס גאָרדאָן איז געוועזן *).



**א.**

יהודה ליב גאָרדאָן איז געבוירען געוואָרען אין ווילנא, 21 טאָג אין כסלו תקצ"א (ענדע יאָהר 1830). זיינע עלטערן האָבען דאָרט געהאַלטען אַ איינפאָר־הויז פאר "פריצים"

*) זעהר אַ גוטע לעבענסבעשרייבונג פון גאָרדאָן האָט געדרוקט אין העברעאישען העררך אברהם יעקב סלוצקי, וועלכער האָט געקריגט דעם דיכטער פערזענליך. מיט איהר און מיט די בריעף פון גאָרדאָן האָבען מיר זיך בענוצט אין אונזער יעצטיגען אַרטיקעל. יח"ז.

און זי איז ניט שלעכט געגאנגען. די מוטער האט מעהר ניט פערשטאנען ווי דעם טייטש־חומש, אבער זי איז געווען זעהר א ענערגישע פרוי און האט געפיהרט מיט א אייזערנער האנד דאס גאנצע הויז; דאגעגען דער פאטער ר׳ אשר גארדאן איז געווען א גרויסער למדן און געבילדעט, געקענט גוט העברעאיש, רוסיש און פויליש, וואס ער האט אליין פון זיך אויסגעלערנט גרינגליך. ער איז אבער געווען א ווייכער כאראקטער, א גוטער, געגלויבט אלע־מען, געלאזט שטענדיג זיינס איבערגעהן, און דורכדעם איז ער אויף דער עלטער פער־ארימט געווארען: ער האט זיין פערמעגען אנגעטרויט פאלשע מענשען, וואס האבען זיך אלין צוגענומען.

דער זוהן יהודה ליב האט גע׳ירשה׳ט פון זיין פאטער די ליעבע און דאס אינטע־רעס צו וויסענשאפטען, און פון דער מוטער די אייזערנע ענערגיע, דעם פעסטען רצון.

די ערשטע ערציהונג פון קינד איז געווען ווי די ערציהונג פון אלע יודישע קינ־דער אין יענע יאהרען. דער „חדר" איז געווען דאס איינציגע ארט, וואו יודישע קינדער האבען געלערנט און פערבראכט זיינע יונגע יאהרען:

„דעם גאנצען פריה־יאהר פון מיין לעבען
האב איך אין חדר פערבראכט ביים רבי׳ן"

דאך, דער געבילדעטער פאטער האט איהם אויסגעקליבען א מלמד, וואס איז טאקי א גרויסער למדן, אבער וואס לערנט און ערקלערט תנ״ך לאגיש און פשטליך און האט אויך א שטיקיל ידיעה אין דקדוק. ביי איהם האט גארדאן געלערנט, ווי א בייז־יאך, די שפראכע, און וועלכער ער האט אונז נאכדעם געבראכט אזוי פיעל טהייערע פאר־עטישע בריליאנטען.

צו ניין יאהר איז ער אריבער צו אנדערע מלמדים און שוין געלערנט כסדר גמרא, „געריסען בערג און צומאהלען", פערבראכט גאנצע טעג אין דעם חדר, וואס ער שילדערט איהם אזוי געטרי אין זיין געדיכט „די יונגע יאהרען":

די לופט איז געווען פריש, דער ריח — א מחיה,
עופות און חיות — א גאנצע סטאיע,
יעדער שרייט אויף זיין קול, מאכט זיין הויה:
די ציג שרייט „מעע!" — די קאץ מאכט „מיאוי!"
די גרילען קוויטשען אונטערן אויווען אין לאך;
די ווענד זענען פייכט, מסתמא פון טוי,
בעוואקסען מיט שוועמליך, בעדעקט מיט מאך..."

צו עלף יאהר איז ער שוין געווען געניט אין עטליכע הונדערט בלאט גמרא און איבערגעשריען אלע זיינע חברים, וואס זענען נאכדעם געווארען רבנים. צו בר־מצוה האט ער געזאגט א פלפול, וועלכער איז איינעם פון די געסט אזוי געפעלען, אז ער האט גענומען דעם יונגיל פאר א חתן. „נאר שפעטער — דערצעהלט גארדאן — אז דאס רעדיל האט זיך איבערגעדרעהט, און מיין פאטער איז ארונטער מיט פיעל שטאפ־לען, און יענער איז פערקעהרט געשטיגען הויך, האט ער צוגלייך מיט די מאות בעקומען נייע דעות און האט זיך אבגעשאקעלט פון מיר..."

צו 14 יאָהר האָט גאָרדאָן אָנגעהויבען לערנען אַליין פֿאַר זיך, אין בית־המדרש און פֿון דאַמאָלס האָט זיך זייך לעבענס־גאַנג איבערגעביטען: ער פֿערקנייטשט שוין אַר ביסיל די גמרא און הייבט־אָן אַריינצוקוקען אין „טַרְפַּה־פְסֵל׳ן“ און וויל זיך בילדען. ער לערנט נאָך טאַקי תלמוד, אָבער אונטער דער גרויסער גמרא ליגט בעהאַלטען אַ מליצה־ביכיל, אַ יודיש־פֿילאָזאָפֿישער ספר, און זיינע געדאַנקען שוועבען שוין אין אַ אַנדער וועלט.

„ביז מיין זיבצעהנטען יאָהר — דערצעהלט גאָרדאָן אין אַ בריעף צו זיינעם אַ פֿריינד — האָב איך געפֿאָלגט מיין פֿאָטער און געשוואומען אין ים פֿון תלמוד, ביז איך בין איהם כמעט אין גאַנצען דורכגעשוואומען, דאַמאָלס אָבער האָבען זיך מיר געעפֿענט די אויגען זעהען, אַז ניט דאָס איז דער ריכטיגער וועג, וואָס קען אונז פֿיהרען היינטיגע צייטען צום ציעל; אַז איך בין געקומען צו אַ וויסטע אינזעל, אַ נאַקעטען פֿעלזען, וועלכער וועט מיר ניט בעלוינען פֿאַר מיין גרויסע מיה ביז אַהער... און דאַמאָלס האָב איך גע־חאַפּט פֿערריכטען דעם פֿעהלער, וואָס אַנדערע האָבען מיט מיר געמאַכט, האָב זיך אָנגעגאַרטעלט לערנען גרינדליך די העברעאישע גראַמאַטיק, רוסיש, פּויליש, דייטש, פֿראַנצויזיש און אַנדערע וויסענשאַפֿטען, וואָס אַ מענש בעדאַרף קענען, און אַליין אַליין, אָהן אַ פֿיהרער, אָהן אַ לעהרער, געשוועבט ווי אַ פֿייגעל פֿון איין ספר צום אַנדערען“.

צו צוואַנציג יאָהר האָט שוין גאָרדאָן געשריבען געדיכטע אין אַריינער, ביבלישער שפּראַכע. זיינע יונגע געדיכטע מאַכען אויף אונז דעם איינדרוק ווי יונגע ביימעליך: זיי זענען נאָך שוואַך, צאַרט, אָבער שען, פֿריש, זאַפֿטיג.

אין יענער צייט איז גאָרדאָן געפֿאָהרען אין פּינסק, אייַמאָהגען געלד פֿון זיין פֿאָטערס אַ בעל־חוב. דאָרט האָט ער געמוזט פֿערברענגען עטליכע חדשים, און איז דער־וויל געוואָרען אַ לעהרער פֿון העברעאיש. דאָרט האָט ער בעטראַכט דאָס לעבען פֿון דעם בעקאַנטען קאַרלינער רבי מיט זיינע חסידים, דאָס לעבען, וואָס ער האָט נאָכדעם אַזוי מייסטערהאַפֿט אָבגעשילדערט אין זיין גרעסערער ערצעהלונג „עולם כמנהגו“.

קומענדיג צוריק אין ווילנא, האָט ער זיך גענומען נאָך מיט מעהר פֿלייס פֿער־פֿאָלקאָמען אין קענטניס, און צו 22 יאָהר איז ער געשטאַנען צום עקזאַמען: די לעהרער פֿון ווילנער ראַבינער־שולע האָבען איהם אַרויסגעגעבען אַ אַטעסטאַט, און אין דעם זעלבען יאָהר איז ער געוואָרען לעהרער אין דער שולע, וואָס די רעגירונג האָט געעפֿענט פֿאַר יודישע קינדער אין פּאָנעוועזש, קאָוונער גובערניע.

די „קאַזיאָננע“ שולען אין יענער צייט זענען ניט געווען בעליעבט ביי די פֿרומע: זיי האָבען געקוקט אויף די שולען ווי אויף הייזער, וואָס פֿערשפּרייטען אפיקורסות צווי־שען יודען. שולדיג זענען אין דעם געווען די לעהרער, וועלכע האָבען זיך ניט בעמיהט, בעליעבט צו מאַכען זייערע שולען ביי די פֿרומע (און כמעט דאָס גאַנצע פֿאָלק איז דאַך דאַמאָלס געווען פֿרום) נאָר פֿערקעהרט, אַרויסגעטרעטען פֿריי, געלאַכט פֿון אַלטע יודישע מנהגים, געריסען מיט גוואַלד די אַלטע קליידער פֿון יודענטהום און איהם געוואָלט אָנטהון נייע, מאָדנע קליידער. יעדער לעהרער פֿון אַ „קאַזיאָננע“ (רעגירונגס) שולע, האָט זיך בעטראַכט ווי אַ נאַיפּטהוער, וואָס בעדאַרף הרשה׳נען, טהון, ברענגען פֿאַר בילדונג.

גאָרדאָן איז געווען ניט נור איינער פֿון די דאָזיגע לעהרער, אבער דער גרעסטער פֿון זיי, דער געפֿעהרליכסטער פֿאַר די פֿרומע קלאַסע. ער האט ערנסט געגלויבט, אַז נור די בילדונג, די השכלה, קען אונז אַרויסנעהמען פֿון אונזער ביטערן, אָרימען צוד שטאַנד און ברענגען אונז מענשליכע זכיות און הילף; און ווייל ער האט געגלויבט זיין פֿאָלק מיט'ן גאַנצען האַרצען, איז ער געוואָרען איינער פֿון די פֿייערדיגסטע טהוערס פֿאַר די בילדונג. עס איז ניט קיין וואונדער, אז ער האט בעקומען זעהר פֿיעל שונאים צווי־שען די פֿרומע, אבער דאס האט איהם נור צוגעגעבען מעהר פֿייער, מעהר ענערגיע צו דער מלחמה...

דאָך לאָמיר געהן כסדר און דערצעהלען זיין לעבען און ווירקען.

---

ב.

אין יאָהר 1853 האט גאָרדאָן געשריבען זיין קלאָג־געדיכט אויף דעם טויט פֿון זיין געליעבטען חבר, דעם גרויסען, יונגען־געשטאָרבענעם דיכטער מיכה יוסף לעבענזאָהן; א יאָהר שפּעטער האט ער אויף דעמזעלבען חבר געשריבען א גרויס קלאָג־ליעד „הוי אָח!“ (ועה, ברודער!). די שפּראַכע פֿון גאָרדאָן איז אין יענע שירים ריין, ביבליש, גע־האַנגען און געמאָסטען יעדעס וואָרט, יעדע שורה; ער איז נאָך דאַמאלס געשטאַנען אונ־טער דעם איינפֿלוס פֿון די אלטע יודישע דיכטער, ביי וועלכע די פֿאָרמע פֿון שיר איז געווען וויכטיגער פֿון אינהאלט. דערום שפּירען מיר נאָך אַ מין שווערקייט און געקינס־טעלטקייט, לעזענדיג דאָס גרויסע קלאָג־ליעד אויף לעבענזאָהן, הגם מען זעהט שוין אין איהם אַ טיעפֿעס געפֿיהל און הויכע געדאַנקען. דאָס ליעד בינדט אונז אבער ניט צו זיך, עס בעצויבערט אונז ניט. ווי די שפּעטיגערע שירים, ביי וועלכע דער לעזער הערט גע־ברענט הויך זייער פֿייער און דורך זייער בלייך. אויך אין דעם גרויסען געדיכט „אהבת דוד ומיכל“ (1857), געהט ער נאָך די אַלטע דיכטער אין דער שפּראַכע און פֿאָרמע. ערשט שפּעטער אין די משלים (פֿאַבעלן), וואס ער האט אַרויסגעגעבען אין פֿיער ביכער (1860), זעהען מיר איהם אַוועקגעהען אין א נייען וועג. ער ערקענט, אַז א שפּראַכע איז ניט ווי א פֿערשטיינערטע מומיע: א שפּראַכע, אז מען וויל אין איהר שרייבען וואס מען פֿיהלט, מוז זיך ענטוויקלען, פֿערגרעסערן, צונעהמען נייע ווערטער. אין זיינע משלים געפֿינען מיר שוין פֿיעל ווערטער, וואס זענען ניט ריין ביבליש, ווערטער גענומען פֿון דער שפּעטיגער יודישער ליטעראַטור: אויך האט גאָרדאָן דאָרט אַראָבגעוואָרפֿען די פענטעס פֿון דער אלטער פֿאָרמע אין דער צאָהל פֿון די זילבען און די מאָס פֿון די שורות און ער פֿליהט פֿריי, ווי דער אָדלער אין דער הויך.

גאָרדאָנס משלים זענען מייסטענס פֿרייע איבערזעצונגען פֿון אַנדערע שפּראַכען, אָבער אויך פֿון תלמוד און מדרש האט ער פֿיעל גענומען און בעקליידט אין פּאָעטישע קליידער. מיר געפֿינען אויך זיינע אייגענע משלים, אין וועלכע ער האט אריינגעלעגט רמזים, אנדייטונגען אויף פֿערשידענע פֿעהלער פֿון אונזער לעבען, אדער פֿון וועלכע מיר לערנען א קלוגע עצה וכדומה.

אין יאָהר 1859 (אָנפֿאַנג יאהר תר"ך) איז גאָרדאָן געוואָרען לעהרער אין שאַוועל. דאָרט האט ער אָנגעהויבען שרייבען אַרטיקלען אין דייטשע און רוסישע צייטונגען, און

זיינע אַרטיקלען האבען געוויזען דער וועלט, אַז דער דיכטער איז אויך א הויך־געבילדעטער מענש. די דרשה, וואס ער האט געזאָגט אויף העבּרעיש אין שאוועלער שוהל דעם 26־סטען אויגוסט 1863, איז באַלד אָבגעדרוקט געווארען אין דער צייטונג „רוסקי אינוואַליד“. אויך האט ער געשריבען פֿיעל בריעף אין דער צייטונג „גאָלאָס“, וועלכע איז געווען דאַמאלס איינע פֿון די וויכטיגסטע צייטונגען אין רוסלאנד.

אין יאהר 1865 איז ער געווארען לעהרער און פֿיהרער פֿון דער רעגירונגס־שולע אין טעלז. דער ווילנער קוראטאָר האט אויף איהם געשריבען, אַז ער איז איינער פֿון די בעסטע לעהרער אין גאַנץ ווילנער ראיאָן. שפּעטער, נאָך פֿיעל יאהרען, ווען די רעגירונג האט געשענקט גאָרדאָן דעם טיטעל „געעהרטער בירגער“, האט זי דייטליך אַרויסגעשריבען, אַז זי צייכענט איהם אויס פֿאַר דעם גרויס נוצען, וואס ער האט געבראַכט, פֿערשפּרייטענדיג בילדונג צווישען זיינע ברידער.

און ווירקליך, גאָרדאָן איז געווען דער גרעסטער העלד אין דער מלחמה פֿאַר בילדונג. זיינע שירים און אַרטיקלען, וואס ער האט געשריבען אין יענע יאָהרען, האבען געהאט דאס הויפּט־ציעל, צו „וועקען דאס פֿאָלק“, עפֿענען איהם זיינע אויגען, „אויפֿרייסען די לאָדען, עס זאָל אַריינשטראַהלען ליכט אין די יודישע הייזער“ אבער לויבענדיג די השכלה האט גאָרדאָן אויך ביטער אָבגעשפּעט פֿון די פֿרומע און פֿון זייערע גענג, ער האט אָבגעלאַכט פֿון די רבנים און פֿון די אַלע, וואָס לאָזען ניט אַריין דאס ליכט צו יודען און דורכדעם פֿערהאַלטען זיי די גאולה, די ריכטיגע הילף, וואס דאַרף קומען.

מיט זיין שאַרפֿער פֿעדער, מיט זיין בייסענדיגער שפּראַכע, האט ער אָנגעמאַכט גרויסע חורבנות אין פֿרומען לאַגער, און דעריבער איז געוואָרען אַ שרעקליכע שנאה צווישען איהם און די פֿרומע. אין שפּעטער האט ער טאקי איינגעזעהען, אַז די בילדונג האט גאר ניט געבראכט אַזעלכע ישועות ונחמות אויף יודען, ווי ער (און אַלע זיינע חברים) האט געהאָפֿט; אבער דאַמאלס, אין די זעכציגער־זיבציגער יאהרען, איז די אמונה אין דער בילדונג געווען גאַר אָהן גרענעצען, און דער גרעסטער מאַמין איז געווען גאָרדאן, דערפֿאר איז ער אויך געווען דער גרעסטער מלחמה־פֿיהרער.

אין יאָהר 1868 האט גאָרדאן אַרויסגעגעבען אַ נייע זאַמלונג פֿון שירים, מיט דעם נאמען „שירי יהודה“. דאָרט זעהען מיר איהם שוין שטעהען אויף אַ גאַנץ הויכער דיכטערישער מדרגה. די ריינע, זעלטען קונציגע שפּראַכע, די שענע לעבענדיגע פֿאָרמע, אבער נאָך מעהר: דאס אמת פּאָעטישע געפֿיהל, האבען איהם געשאַפֿט באַלד דעם נאמען „גרויסער דיכטער“. אַלע האבען געזעהען, אַז אַזאַ דיכטער איז שוין לאַנג ביי יודען ניט געווען.

אַז דער מאָנאַטליכער זשורנאַל „השחר“ האט אָנגעהויבען אַרויסגעהן אין וויען דורך פּרץ סמאָלענסקין, וואס איז אויך געווען איינער פֿון די ביטערסטע פֿיינד פֿון די אָרטאָדאָקסען, איז גאָרדאָן געוואָרען זיין מיטאַרבייטער, און דאָרט זענען געדרוקט געווארען צום ערשטען מאל זיינע בעריהמטע גרויסע געדיכטע „קוצו של יוד“, „שני יוסף בן שמעון“ און נאָך פֿיעל אַנדערע, וואס האבען געמאכט אַ אָנגעהייערען רושם אויפ'ן פּובליקום. אין זיי שילדערט ער די יהרענדע סצענעס פֿון יודישען לעבען, ער שיט פֿייער אויף די פֿיהרער פֿון פֿאָלק, ער רייסט און דעקט אויף אַלע מכות וואס זענען אויפ'ן יו־

דישען קערפער, ער שילדערט מיט די שוואַרצסטע פאַרבען די אונאָרדנונגען פון פאָלק, דעם פאַנאַטיזם פון די רבנים, די נידערטרעכטיגקייטען פון די קהלס־פיהרער, די סבאָר־שציקעס, בעלי טאַקסעס אַז״וו.

אין יענע שירים איז גארדאן אומערבאַרעמדיג; זיין פעדער שניידט ווי אַ מעסער, זיין שפּאָט ברענט ווי אַ גליהענדע קויהל, זיין פּאָעזיע „איז אָנגעטהון אין שוואַרצען״, זי קלאָגט, זי וויינט.

אַז גארדאן האט געגלויבט מיט׳ן גאַנצען האַרצען אין השכלה, און אַז זיינע שפּאָט־טערייען פון אַלע יודישע אַבערגלויבען און אַלטע מנהגים האבען געפּליסט פון אמת׳ער ליעבשאַפט, וואס ער האט געהאט צו זיין פאָלק, זעהען מיר דייטליך פון זיין מלחמה, וואס ער האט אין דערזעלבער צייט געפיהרט מיט אונזערע אויסענווענינגסטע שונאים. דערזעלבער גארדאן, וואס שרייבענדיג העברעאיש פאַר זיינע אייגענע ברידער, האט זיי אַזוי ביטער געשטראָפט פאַר אַלע זייערע נאַרישקייטען, האט גאר אַנדעריש גע־רעדט אַרויסגעהענדיג רוסיען, אנגעהמען זיך פאַר יודען געגען זייערע אויסווענינגסטע פיינד. דאָרט איז ער אַ פייערינגער פּאַטריאָט, דאָרט איז ער אַ הייסער בעשיצער פון יו־דענטהום, פון דעם תלמוד, און רעכענט זיך אָב מיט יעדען, וואס האט די העזה בע־לידיגען די יודישע רעליגיע, די יודישע מצוות און אויסטראַכטען אויף אונז בלבולים.

אַז דער געטויפטער בראַפמאן האט אַרויסגעגעבען זיין „קהל־בוך״ (קניגא קאַהאַלא), אין וועלכען ער בעפאַלט יודען מיט שרעקליכע בלבולים, איז גארדאן אַרויס איהם אַנ־קעגען, און מיט גרויס בריה׳שאַפט אויסגעוויזען אַלע זיינע פאַלשקייטען און געמאַכט פון איהם אַשפה. אין „גאָלאָס״ און נאך פיעל אַנדערע צייטונגען איז גאָרדאָן אַרויס געוואַ־פענט פון צייט צו צייט און געפיהרט אַ מלחמה מיט יודישע שונאים און מקדיש־השם געווען...

---

## ג.

אין יאהר 1872 איז גאָרדאָן געוואָרען סעקרעטער פון דער יודישער געמיינדע אין פעטערבורג און פון דער חברה צו פערשפּרייטען בילדונג צווישען יודען. דאָ אין פעטער־בורג האָט ער ערשט רעכט געפונען די גוטע געלעגענהייט, צו ווירקען פאַר דער בילדונג. די חברה „מפיצי השכלה״ - האָט ערשט אונטער זיין פיהרונג אָנגעהויבען בליהען און אַרבייטען. ער איז געוואָרען די זעעלע, דאָס לעבען פון דער חברה. זיינע איינפּעלע, זיינע פּראָיעקטען זענען תמיד געווען קלוג און פּראַקטיש, און דער קאָמיטעט פון דער חברה האט זיי געפאָלגט.

גאָרדאָן האָט געאַרבייט טריי און ערנסט זיין נייע אַרבייט, גליקליך מיט זיין שטעלע, וועלכע האָט איהם געגעבען אויסער גוטע בעלאָהנונג נאָך גענוג פרייע צייט, צו בעשעפטיגען זיך מיט ליטעראַטור. זיינע אַרטיקלען ווערען געדרוקט אין פערשידענע צייטונגען, אין „השחר״ קומען פון צייט צו צייט זיינע געדיכטע, וואָס יעדער פון זיי איז אַ טייערע פּערעל אין אונזער ליטעראַטור. מיט זיין הילף גיט אַרויס די חברה „מפיצי השכלה״ אַ גרויס ריסיש ווערק אין צוויי טהייל, וועגען די תלמודיסטען (Mirponoaphuic)

(*талмудистовъ*; צוזאַמען מיט גערשטיין פון ווילנא זעצט ער איבער די חומשים אויף רוסיש, און דאָס איז די ערשטע איבערזעצונג, וואָס איז געמאַכט דורך יודען.

א יאָהר שפּעטער האָט ער אַרויסגעגעבען זיין ערצעהלונג „עולם כמנהגו“ וועלכען מיר האָבען שוין פריהער דערמאָנט. אין זיין בריעף צו א. לוריא אין פינסק שרייבט ער: „לעזענדיג מיין ערצעהלונג וועט איהר לייכט דערקענען די פּנימער פון די אידעלע מענשען און דעם פּרצוף פון די מאַסע לייט, וועלכע איך מיין. אָבער מאַכט זיך ניט־וויסענדיג...“.

אין יאָהר 1874 איז גאָרדאָן געפאָהרען זיך קורירען אין מאַריענבאַד. דאָרט האָט ער געשריבען זיין בעריהמט געדיכט „קוצו של יוד“, אין וועלכער ער שילדערט די טרויעריגע לאַגע פון דער יודישער פרוי. די שענע בת־שוע האָט התונה געהאַט קעגען איהר ווילען, גענומען א שלאַק פאַר א מאַן, אזוי ווי עס האָט זיך דאַמאלס געפיהרט ביי יודען, אַז די טאָכטער האָט ניט געטאָרט זאָגען קיין דעה; נאָכדעם איז זי געבליבען אַ עגונה און לסוף האָט איהר דער מאַן געשיקט א גט און זי האָט געקענט ווערען גליקליך, וויל אין איהר האָט זיך פערליעבט אַ אינזשינער, וואָס איז געקומען אין יענע שטעדטיל בויען די נייע באַהן, אָבער דער רב פון שטעדטיל, אַ גרויסער מחמיר, האָט געפונען אַ פּסול אין גט, וויל עס האָט געפעהלט א „יוד“ אין וואָרט הילל: די אומגליקליכע איז געבליבען זיצען אַ עגונה און איינגעגאַנגען פאַר הונגער. דאָס אַלעס ווערט געשילדערט מיט אַזאַ רייכער פאַנטאַזיע, מיט אַזעלכע זעלטענע בילדער, מיט אַזאַ גאָלדענער, בליהענדער שפּראַכע, אַז דער לעזער ווערט ווי בעצויבערט, און ניט ווילענדיג וויינט ער אויף דער אומגליקליכער שענער בת־שוע, וואָס האָט הרכ׳ן פאַנאַטיישען רב פערשפּיעלט איהר וועלט. ניט־ווילענדיג צינדט זיך אין איהם אָן דער כעס אויף די רבנים, וואָס וויזען זייער גאַנצען כח נור אין אסר׳ן, פסל׳ן, טרפה מאַכען...

וועלכען כעס דאָס געדיכט האָט געמאַכט צווישען די רבנים איז לייכט צו פערשטעהן; ווי אַ האָגעל האָט געשיט פון אַלע זייטען קללות און חרמות אויף גאָרדאָנס קאָפּ, אָבער ער איז שוין צו דעם געוואָהנט געוועזען. נאָך דעם שיר האָט ער געשריבען נאָך אַנדערע, וואָס האָבען ווי די קאַרטאַטשען, ווי קוגלען פון האַרמאַטען, צוזעצט און געריסען ביי די פאַנאַטיקער. שפּעטער האָט גאָרדאָן אַליין חרטה געהאַט אויף דעם, אָבער דאַמאלס האָט ער דאָס געהאַלטען פאַר נייטיג און נוצליך. ער האָט מיט אַלע כחות געוואָלט זעהען זיין פאָלק רעפאָרמירט, געבילדעט, גלייך מיט אַלע אַנדערע פעלקער.

אין יאָהר 1879 האָבען די פאַנאַטיקער, די הסידים פון פעטערבורג געוויזען גאָרדאָן, אַז זיי קענען אויך בייסען. אין דער געמיינדע איז געוואָרען אַ מחלוקת וועגען אַ רב; די הסידים האָבען געוואָלט מאַכען פאַר אַ רב איינעם פון זייערע לייט, און אַז זיי האָבען ניט אויסגעפיהרט, זענען זיי געגאַנגען און געמסר׳ט גאָרדאָן, אַז ער איז א סאָציאַליסט. די צייט איז דאַמאלס געוועזען זעהר אַ שטרענגע; מען האָט ניט געמאַכט קיין שאלות, אריינגעזעצט (שבת הגדול תרל״ט) גאָרדאָן מיט זיין פרוי אין פעסטונג. דאָרט זענען זיי געזעסען פערציג טאָג, נאָכדעם האָט מען זיי פערשיקט וויט, אין אָלאָנעצקער גובערניע,

ערשט נאָך זיבען חדשים האָט זיך אַרויסגעוויזען זיין אונשולד און ער איז צוריקגעקומען אַהיים. דערוויל אָבער האָט ער פֿערלאָרען זיין שטעלע.

דער דאָזיגער ביטערער צופֿאַל האָט איהם געוויזען, אַז ווען די פֿאַנאַטיקער זענען פֿערדאָרבען, זענען די געבילדעטע אויך ניט קיין מַלְאָכִים. קיינער פֿון זיינע גוטע פֿריינד האָט זיך פֿאַר איהם ניט אָנגענומען אין זיין אומגליק, קיינער איז ניט געגאַנגען רעדען א גוט וואָרט פֿאַר איהם, און ווען ניט זיין ברודער דער אַדוואָקאַט, וואָס האָט געלעגט דאָס לעבען פֿאַר איהם, וואָלט ער פֿערפֿאַלען געוואָרען.

אין יאָהר 1880 איז גאָרדאָן געוואָרען רעדאַקטאָר פֿון „המליץ" און איהם האָט זיך געעפֿענט אַ ברייטער וועג, צו רעדען מיט זיינע ברידער. אָבער ער שיט שוין ניט אַזא פֿייער אויף די פֿרומע; ער הייבט אָן ביסליכווייז קריטיקירען אויך די געבילדעטע, וואָס קיים האָבען זיי גענאַשט אַ ביסיל בילדונג, וואַרפֿען זיי שוין גאָר אין גאַנצען אַוועק דאָס יודישקייט, די תּוֹרה, די העברעאישע שפּראַכע.

„...אונזער נייער יונגער דור
די שטודירטע, די מַשְׂכִּילִים,
וואָס האָבען אוועקגעלעגט שוין גאָר
די גְּמָרָא און דעם תְּהִלִּים,
זיי לעבען נעבעך גאָר אָן אַ טאָלק
זאָרגען נור פֿאַר זייערע טושעם,
זיי האָבען פֿערגעסען זייער פֿאָלק..." או"וו

די אונרוהען, וואָס זענען געווען באלד אין 1881 יאָהר, די צרות, די פּאָגראָמען, וואָס זענען פלוצלינג געקומען אויף יודען, האָבען אין גאַנצען פֿעריאָגט די זיסע האָפֿנונגען פֿון גאָרדאָן צו דער בילדונג; ער האָט איינגעזעהען אַז די ציוויליזאַציע קען גאָר ניט אויסרייסען די אלטע איינגעוואָרצעלטע שנאה צו יודען. ווי געפלעפּט איז גאָרדאָן געבליבען שטעהן. זיינע אַלטע אידעאַלען זענען צובראָכען געוואָרען ווי די ליימענע אָבגעטער און קיין נייע האָט ער ניט געפֿונען. אמת, אין יענער צייט האָט אָנגעהויבען אַ נייער, שטאַרקער ווינד בלאָזען צווישען אונזערע ברידער; מען האָט זיך דערמאַנט אָן אונזער אַלט היים, ארץ ישראל; מען האָט אנגעהויבען רעדען און טהון וועגען קאָלאָניעס אין פּאַלעסטינא. אָבער דער געדאַנק איז גאָרדאָנען ניט געפֿעלען. אין זיינע בריעף ערקלערט ער די אורזאַכע. כָּל זְמַן די רַבָּנִים האָבען די מֶמְשָׁלָה איבערן פֿאָלק, קען דאָס פֿאָלק ניט זיין זעלבסטשטענדיג. דער שולחן ערוך קען ניט זיין די קאָנסטיטוציע פֿון אַ פֿאָלק...

---

ד.

אַלס רעדאַקטאָר פֿון „המליץ" האָט גאָרדאָן זעהר פֿיעל געווירקט פֿאַר דער העברעאישער ליטעראַטור. ערשטענס איז ער געווען דער ערשטער, וואָס האָט איינגעפֿיהרט דעם אמת'ן „פֿעליעטאָן" אין דער צייטונג. זיינע פֿעליעטאָנען, וואָס זענען לייכטע, וויציגע פלוידערייען וועגען פֿערשיעדענע פֿראַגען אין יודישען לעבען, זענען געווען אַ נייעס ביים פּובליקום: מען האָט זיך מיט זיינע ווערטער געקוויקט און פֿיעל האָבען איהם

געפרובט נאָכמאכען. — צווייטענס האָט גאָרדאָן ערוועקט פיעל שרייבערישע טאלענטען. קוים האָט ער נור בעמערקט אַ שרייבער, וואָס האָט אַ שטיקיל געשמאק און אַ ביסיל טאלאַנט, האָט ער איהם באַלד צוגעצויגען צו זיך, איהם געגעבען מוטה, „געפיהרט מיט זיינע עצות, און געמאַכט פון איהם אַ לייט.

אין יאָהר 1882 האָט גאָרדאָן זוכה געוועזען צו האָבען כבוד און נחת פאַר זיין אַרד־בייט. אין יענעם יאָהר איז געוואָרען 25 יאָהר זייט ער האָט אַרויסגעגעבען זיין ערשטע ווערק „אַהבת דוד ומיכל". די פריינד פון דער העברעאישער שפראַכע אין פעטערבורג האָבען געמאַכט לכבוד איהם אַ יום־טוב, דערלאַנגט איהם אַ לויב־בריעף און טהייערע פרעזענטען; פון אַלע שטעדט זענען אָנגעקומען ווינשעוואַניעס מיט טעלעגראַמעס. דאַ־מאָלס איז אויך געוואָרען אַ קאָמיטעט, אַרויסצוגעבען אַ זאַמלונג פון אַלע זיינע געדיכטע, און אין יאָהר 1884 איז אַרויס די זאַמלונג, אין 4 גרויסע טהייל, מיט דעם נאָמען „כל שירי גאָרדאָן".

צוויי יאָהר שפעטער האָט גאָרדאָן אַוועקגעוואָרפען די רעדאַקציע פון „המליץ" וואָס איז דערווייל געוואָרען אַ טאָג־בלאַט, ווייל ער האָט ניט געקענט אויסקומען מיט צעדערבוימען, וועלכער ער האָט פיינד געהאַט איבער זיינע הנהגות, און ווייל די אַרבייט האָט איהם צוגענומען די כחות.

אין יאָהר 1886 איז אַרויס אין וואַרשא די זאַמלונג פון זיינע זשאַרגאָנישע גע־דיכטע. מיר האָבען שוין געזאָגט אַז אין זשאַרגאָן זעהט מען נור אַ גאַנץ שוואַכען גלאַנץ פון זיין פּאָעזיע, ווייל ער האָט אין דער שפּראַכע וועניג געשריבען און נאָך וועניגער גע־רעדט. און דאָך זעהט מען אויך דאָרט זיין בייסעדיגען וויץ, זיין שניידיגען שפּאָט און זיין זעלטענעם טאַלאַנט, צו שילדערן סצענעס פון יודישען לעבען, יודישע אָרימקייט; אויך דאָרט דערקענט מען דעם לייב מיט זיין גבורה....

אין יאָהר 1889 איז אַרויס אין אָדעסא דער ערשטער טהייל פון זיינע שריפטען אין פראָזא, מיט דעם נאָמען „כל כתבי גאָרדאָן". דאָרט זענען געדרוקט עלף זיינע ער־צעהלונגען, וואָס כמעט אַלע זענען מייסטער־ווערק מיט זייער וואונדערליכע שפראַכע און אינהאַלט. מאַנכע ערצעהלונגען ברענגען אונז צום קראַנק־לאַכען מיט זייער הומאָר און וויץ, מאַנכע ווידער ריהרען אונז אָן טיעף אין האַרצען מיט זייער ערנסט און טראַגיזם.

אין יאָהר 1891 איז גאָרדאָן קראַנק געוואָרען אויף אַ שווערע קראַנקהייט, אַ קרעבס. ער איז געפאָהרען אין בערלין, מען האָט איהם געמאַכט אַ אָפּעראַציע, אָבער ס'האָט ניט געהאָלפען. ער האָט זיך געמוטשעט נאָך אַ יאָהר, און 24 טאָג אין אלול תרנ"ב (1892) איז ער געשטאָרבען.

נאָך זיין טויט איז אַרויס אַ זאַמלונג פון אַלע זיינע בריעף, וואָס ער האָט גע־שריבען צו פריינד און אַלע גרעסטע שרייבער. די בריעף זענען זעהר וויכטיג, ווייל ערד־שטענס געפינען מיר אין זיי אַ מאַסע אינטערעסאַנטע ידיעות פון זיין לעבען און שטרע־בען, אַ מענגע שטריכען פון זיין כאַראַקטער און פון דעם כאַראַקטער פון אַנדערע בעקאַנטע מענשען; צווייטענס געפינען מיר אין די בריעף פיעל פאָרשונגען אין דער שפּראַכע און אין יודישע וויסענשאַפטען, און דריטענס זענען זיי טהייער דורך זייער פאָרמע, זייער וויץ, די ריינקייט אין אויסדריקע. מיר לעזען די בריעף מיט דעם גרעסטען

אינטערעס, ווי דעם אינטערעסאנטסטען ראָמאַן. אויף יעדען טריט געפינען מיר אַ פּעריל, אויף יעדען בלעטיל זענען אויסגעזעצט געדאנקען־בריליאנטען.

ה׳ סלוצקי, וועלכער האט געקענט גאָרדאָן פון דער נאָהענט, ווייל ער איז געווען זיין מיטארבייטער אין „המליץ״, כאַראַקטעריזירט גאָרדאָן מיט די ווערטער:

„אַלס דיכטער איז ער געווען גרויס, ערהאַבען, האט ניט געהאַט זיין גלייכען, ניט נור אין זיין דור, אָבער אויך אין פיעל דורות פריהער און אפשר אין פיעל דורות שפּעטער. ביי יודען האבען ניט געפעהלט קיין דיכטער פּאַר גאָרדאָן, אָבער אַלע זענען געווען מיטעלע טאלענטען, דיכטער מיט קליינער בילדונג, וועלכע זענען ניט ארויס אויסער די דַלֵת אמות פון דער לירישער פּאָעזיע. גאָרדאָן אָבער איז געווען אַ אייראָפּעאישער דיכטער, געשטאַנען אין איין שורה מיט די גרעסטע דיכטער אין די לעבענדיגע שפּראַכען. זיין פּאָעזיע איז צאַרט, עדעל, ריין ווי דער בלויער הימעל. ער איז געווען גרויס אין לירישע געדיכטע, אָבער נאָך מעהר — אין עפּישע געדיכטע (אין וועלכע עס ווערט דערצעהלט עפּיס אַ פּאַקט). אין ליריק איז זיין פּאָעזיע געפלאָסען בנעימות'דיג, ווי אַ רוהיג טייכיל, אבער אין עפּישע געדיכטע איז ער געווען ווי אַ ריי־שענדיגער ים, ווי אַ שטאַרקער שטראָם, ווי אַ טייך וואָס פאַלט פון שפּיץ פעלזען אין טיעפען טהאָל. גאָרדאָנס געדיכטע וועלען בלייבען אייביג, ווי לאַנג נור יודען וועלען זיין אויף דער וועלט.״

און אַזוי אויך אלס שרייבער, אַלס שריפטשטעלער, איז גאָרדאָן געווען גרויס און הויך. „ער איז געווען בעוואַפענט מיט דער העברעאישער שפראַכע אין אַלע איהרע ביינונגען און בעגריפען, אַלע איהרע וויצען און שפּיצען, איהרע אַלע געזענג און קלאַג־ליעדער, איהרע פיוטים און רעטעניש׳ען אַז״וו. קיינמאָל האָט איהם ניט געפעהלט קיין ווערטער, צו יעדען געדאַנק האָט ער באַלד געפונען דעם פּאַסענדען אויסדרוק. ער האָט זעהר געשווינד געשריבען, און אַז ער האָט גענומען די פעדער אין האַנד, האָבען זיך פון איהר געשיט פּעריל. פיעל מאָל איז ער געזעסען און גערעדט און פרעהליך געמאַכט די געזעלשאַפט מיט זיינע וויצען, און בִּשְׁעַת מַעֲשֶׂה אויך געשריבען ארטיקלען, וועלכע האַבען געפאַנגען די לעזער מיט זייערע זיסע ווערטער, מיט זייער שאַרפזין.

אַלס ערצעהלער האָט ער געהאַט אַ כח אין קליינע ערצעהלונגען, און אַלע זיינע ערצעהלונגען זענען ריכטיגע בילדער פון יודישען לעבען. איינינע פון די זענען איבערזעצט געוואָרען אין אייראָפּעאישע שפּראַכען, די איבריגע וואַרטען נאָך אויף אַ גוטען איבערזעצער.

גאָרדאָן האט בעשאַפען דעם יודישען פּעליעטאָן. איבערהויפּט האָט ער פערברייטערט די העברעאישע שפּראַכע, איהר ליטעראַטור געגעבען די פאָרמע פון אַ אייראָפּעאישע ליטעראַטור. ביז גאָרדאָן זענען די יודישע שרייבער געווען האלב שרייבער און האַלב — יְשִׁיבָה־בָּחוּרִים, דער רֵיחַ פון בֵּית־הַמִּדְרָשׁ האָט זיך געלאָזט הערען אפילו אין די אַרטיקלען פון די גרעסטע שרייבערס; גאָרדאָן האָט אָנגעהויבען רייניגען אונזער ליטעראַטור, שרייבען פיין, אייראָפּעאיש; פון איהם האָבען זיך אַנדערע געלערנט, און ביסלעכווייז האָט אונזער ליטעראַטור בעקומען גאַר אַ נייעם פָּנִים.

גאָרדאָן איז געווען גרויס אין אלע פֿאַכען פֿון יודישע קענטניס. ער איז געווען ווי א זעצענדיגער קוואַל, ווי אַ ברונען פֿון וועלכען קיין טראָפּען געהט ניט פֿערלאָרען. ער האָט פיעל געלערנט, פֿיעל געלעזען, און אַלץ איז געלעגען בעהאַלטען אין זיין זכּרון: די תּלמודישע און מדרשים ליטעראַטור, די יודישע ליטעראַטור פֿון מיטעלאַלטער, די ווערק פֿון אלע יודישע דיכטער, די נייע ליטעראַטור — אַלץ האָט ער געדענקט אויסגעצייכענט.

גאָרדאָן איז געווען א שאַרפֿער קריטיקער, און זיינע קריטיקען — אין העברעאיש און רוסיש — קענען פֿערנעהמען אַ גרויסען בוך.

גאָרדאָן איז געווען א אויסגעצייכענטער פּובליציסט. אין לעבענס־פּראַגען האָט ער נור געהערט דעם אמת און קיינעם ניט געשוינט. אין פּאָלעמישע אַרטיקלען (אַמפּער׳ן זיך מיט אנדערע) איז ער געווען שרעקליך מיט זיינע שאַרפֿע וויצען, מיט זיין ביטערען שפּאָט. אָבער אויך דאַמאָלס איז ער געווען אַרטיג, זויבער, האָט מלחמה געהאַלטען נור מיט די מיינונגען אָבער ניט מיט די מענשען, מיט די ביכער, אָבער ניט מיט זייערע שרייבער. אפילו זיינע געגנער האָט ער געגעבען כּבוד, אייב נור זיי האָבען דאָס פֿערדיענט.

גאָרדאָן איז געווען דער רבי פֿון פֿיעל שרייבער, זייער גייסטיגער טאַטע. זיינע געדיכטע און אַרטיקלען זענען געווען צו מוסטער ביי אַלע שרייבער אין זיין דור. ער האָט אויסגעבעסערט די אַרטיקלען פֿון די שרייבער, געפֿיילט און געשאַרפֿט יעדעס וואָרט, און דאַדורך זיי געוויזען דעם וועג, זיך פֿערפֿאַלקאָמען אין דער העברעאישער שפּראַכע. אויסער דעם, האָט ער געשריבען בריעף צו פֿערשיעדענע מענשען, אין וועלכע ער האָט ענטדעקט אַ טאַלאַנט. די בריעף האָבען בעשאַפֿען פֿיעל שריפֿטשטעלער.

„אַ געזונטע זעעלע אין אַ געזונטען קערפּער“—דאָס האָט מען געזעהן ביי אונזער דיכטער. זיין געזונטע, שענע זעעלע האָט געוואָהנט אין א געזונטען קערפּער. ער איז געווען הויך־געוויקסיג, שטאַרק געבויט, מיט זעהר אַ שען געזיכט. דאָס פּנים, די אויגען האָבען געוויזען, אַז דער מאַן האָט געטליכע קלוגשאַפֿט. אַ ליעב־שמייכעל האָט געשוועבט אויף זיינע ליפּען, נאָר ביי דער אַרבייט האָט ער אויסגעזעהן שטרענג, ערנסט ווי דער כּהן־גדול אריינגעהענדיג אין קדשי־קדשים.

י. ה. זאַגאָראָדסקי.

# אַ בְרוֹגֶז.

(געווידמעט ה. ד. נומבערג).

---

מיט א פֿערביטערט האַרץ בין איך פון דער היים אַוועקגעלאָפען, און געלאָזט זיך געהן נאך ליענטשיץ צו מיין מוהמען נחה־פערלען.

געוועזען איז עס איינער פון יענע טעג, וואס נאך דעם וועטער איז שווער צו וויסען. אויב עס איז א ווינטער־אָדער א זומער־טאג: דער הימעל איז גרוי בעוואָל־קענט, די ערד פייכט און דער שטח איז אָנגעפילט מיט א שווערער לופט.

דער וועג, וואס איך געה אויף איהם, ציהט זיך שטום־טויט ווייט אַוועק. אין דעם שטח, וואס איז צווישען דעם וועג און די ווייטע בעוואָלקענטע פעלדער, פאַשען זיך קיה און פערד. נעבען זיי זיצען קליינע שגצים׳ליך, איינגעקאָרטשעט אין ברייטע וועסטען, וואָס זיי האבען גענומען ביי זייערע טאַטעס, און קוקען אויף מיר נאַרעדיג אַרויס פון אונטער די טיעפע היטלען, וועלכע זענען אַריבערגעצויגען איבער זייערע אויערען. עס גלוסט זיך זיי נישט אין אַזא וועטער מיט מיר צו טשעפען און זיי לאָ־זען מיך רוהיג ווייטער געהן. באַלד איז א קאַרעטע דורכגעפאָהרען און איך האב גע־וואָרפען אַ בליק אין די קאַרעטע אריין. אינעווענינ ליגט עפּיס א העררר אויסגעצויגען אויפ׳ן געזעס און קוקט שטום אין א צייטונג אַריין, וואָס איז אויסגעשפּרייט איבער זיינע קניה. באַלד איז די קאַרעטע מיט דעם העררן אויף דעם וועג, ווייט, אוועק געפאָהרען.

איך געדענק, אז דענסמאל, געהענדיג אויפ׳ן וועג, האב איך עפּיס פון א זאַך געקלערט, וואָס האט מיך שטאַרק דערשראָקען און פערשעמט; איך האָב ביי מיר געקלערט, אז ווען איך וואָלט חלילה א יתום געווען, מיין מאַמע וואָלט, הלילה, אויפ׳ן „גוטען אָרט" געלעגען, וואָלט איך זי אַזוי ליעב געהאט, אזוי ליעב! באלד, אָבער, האב איך מיך דערמאַנט, אין וואס פאַר א זאַך איך קלער, און איך בין א דערציטערטער געוואָרען. „שטיק־גולם, נאַר,— האָב איך צו מיר געטענה׳ט. — ווער וויל דאס האָבען, אז א מאַמע זאָל שטאַרבען? ווער?"

באַלד האָב איך מיך אליין געטרייסט, אז איך מיין חלילה נישט, אז די מאַמע זאָל ישטאַרבען. איך מיין עפּיס נאָר אַנדערש, אז עס שטארבט הלילה ביי וועם א מאַמע, איז דאך אזוי נישט גוט, גאָט איינער!

און געדאַכט האט זיך מיר דענסמאָל, אזוי ווי מיין אייגענע מאַמע קריגט אויף מיר רחמנות, און מיט גרויס ערבאַרימקייט נעמט זי מיין קאָפּ אַרום און גלעט מיך

אזוי ווייך מיט איהר האנד איף מיין באק. און זאגט צו מיר, מיט א גוט ערבאַ־רעמדיג געלעכטעריל:

— נארעלע, ווער וויל דאס האבען, אז זיין מאמע זאל שטארבען? ווער?...

---

די גרויע וואלקען זענען טינקלער און געדיכטער געוואָרען, און האבען זיך האַרטער צו דער ערד אַראבגערוקט. דער זאמד אויפ׳ן וועג איז פייכטער און אָנ־קלעבענדיגער, און דאָרטען וויט בעהאלטען זיך די פעלדער אין א געדיכטען טוי־נעפיל. א גוי׳ה איינגעוויקעלט אין א גראָב טוך איז דורכגעלאָפען, זי האט זיך גע־איילט, ווייזט אוים, וואס גיכער אהיים צו קומען. באלד איז א פוהר רון ווייט אָנ־געקומען, די צוהיטצטע, מאטע פערד זענען מיט אראבגעלאָזטע קעפ, פאמעליך, מיט קליינע טריט צו דער שטאָדט צוגעגאנגען; דער פויער, וואָס איז אויף דער פוהר גע־זעסען, איז געווען איינגעהילט אין א פייכטען זאק און ער האט מאט געקוקט אויף די אבגעארבעטע פערד. דער הוט איז ביי איהם, ביז אין האלבען קאָפּ געווען אַרויפּ־גערוקט, די פייכטע האר האבען זיך איהם געקלעפּט אין זיין אקסענדיגען, בעשמוצטען שטערן, און זיינע קליינע, שווארצע אויגען האט עס געבלישצעט: גלויבט צו גאָט, מיר זענען שוין אין דער היים! אנטקעגען פון דער שטאדט צו איז געפאָהרען א צווייטע פוהר, די פערד האבען נאך זיכער געשטעלט זייערע האַרטע טריט אין דער פייכטער ערד, און מיט אויסגעשטרעקטע העלזער האבען זיי זיך ערגיץ וואו אין דער וועלט אריין געאיילט. דער פויער, וואס איז אויפ׳ן וואָגען געזעסען, איז נאך אין א טרוקענעם זאק געווען איינגעהילט, דעם הוט גוט, ביז אין די האלבע אויערן אראבגערוקט, און ער האט רוהיג פאר זיך געקוקט, אין זיינע אויסגעלאָשענע אויגען איז עפּים אומעטיגעס געווען: דער וועג הויבט זיך ערשט אָן...

באלד האט זיך געוויזען א געלער קלאָץ מיט רויטע אבגעפּארבטע פּאסען, ליגענדיג האלב אויסגעבויגען פון איין זייט וועג צו דער צווייטער זייט אריבער,— א גרעניץ צווישען דעם וועג און דער שטאדט. פון איין זייט איז דער קלאָטץ געווען העכער, און עס האט זיך פון דער הויך א קייט אראבגעצויגען, ביי א בודקעלע, איינ־געוויקעלט אין א פּוטער, זיצט מיין מוהמע נחה פעריל. זי האט אָבגעדונגען דעם שטאדט „שלאבען", און זי לאָזט נישט קיינעם פון דער שטאדט אַרויס און נישט קיינעם אין דער שטאדט אריין, וואו מען בעצאָהלט איהר נישט דערפּאר. עס דאַכט זיך, אז זי איז די שומר׳טע פון דער שטאדט. ווען זי וויל, גיט זי א ציה ביי דער קייט, לאָזט דעם קלאָטץ פון דער הויך אראב, און שניידט אב ליענטשיין פון דער גאַנצער וועלט.

איך בין צו איהר צוגעגאַנגען, נאר איבער די בלאָטע, אבער ווייל איך בין פאמעליך, מיט מורא געגאַנגען, האבען זיך מיינע טריט נישט געהערט. און זי איז געזעסען איינגעוויקעלט אין איהר פּוטער, און זי האט דעם קאָפּ אראבגעבויגען און געדרימעלט.

— גוט נ׳ אוונ׳ד! —׳ האב איך שוואך ארויסגערעדט.

זי זיצט און הערט נישט.

— גוט נ' אווענד! — האב איך נאך אמאל, שוין אַביסיל העכער, מיט האַרין־קלאפּען געזאגט.

מיין מוהמע זיצט. עס האט זיך מיר געדאַכט, אז מיט צופּליים מאַכט זי זיך אזוי, זי וויל מיך נישט זעהען.

איך בין געשטאַנען און געוואַרט.

דאך האט זי זיך אומגעדרעהט, און דערזעהענדיג מיך, האט זי מיט דעם רוקען א שוידער געטהון און געזאגט: „שמואל“. און זי האט ווייטער דעם קאָפּ אַראָב־געבויגען, און איז ווידער שטיל געבליבען. געדאַכט האט זיך מיר דענסמאל אַזוי ווי איך וואָלט ביי א קלאַמקע פון א טהיר אָנגעהמען, פּרוּווענדיג זי צו עפּענען, די טהיר איז אָבער פערשלאָסען.

באַלד, ניט אויפהויבענדיג דעם קאָפּ, האט זי מיך געפרעגט:

— מיט וועם ביסט דו געקומען?

געדאַכט האט זיך, אַזוי ווי דאס קול וואָלט פון אונטער דער באַנק אַרויסגעקומען.

מיט א פויער, ער האט זיך דאָרט אין דאָרף אָבגעשטעלט. — ווייז איך איהר מיט'ן פינגער.

און זי איז שטיל געוואָרען און האט ווידער דעם קאָפּ אַראָבגעהאַלטען צו דרימלען.

דערנאָך האט זי פּאַמעליך דעם קאָפּ אויפגעהויבען, געוואָרפען אויף מיר א השד'יגען בליק און האט ביטער אָבגעזיפצט.

מיין מוהמעס קרעכץ האט מיך בערוהיגט. געוועזען איז עפּיס ווי א אונטער־שריפט אונטער עפּיס א שווערען קאָנטראַקט.

שטיל בין איך נאך איהר אין דער שטוב אַריינגעגאַנגען.

— זעין דיך, שרה דאָבריש וועט באַלד קומען, וועט זי פייער מאַכען, — באַלד איז זי פון שטוב ארויס.

איך שטוב האט שוין אָנגעהויבען טונקעל צו ווערען. די צוויי איבערגעבליבענע שויבען, וואס דאס פאָרהענגיל האט זיי נישט פערשטעלט, זענען פערלאָפען געוועזן און טריבע טרעהרען זענען איבער זיי גערונען. פאר די צוויי אויפגעבעטע בעטען איז מיין פעטער'ס עליו־השלום בילד געהאָנגען. און דעם טויטענס אויסגעבלייכטע געזיכט האט שטרענג אויף מיר געקוקט און גוט אַכטונג געגעבען אויף אַלץ, וואס איך טהו. אויף דער צווייטער זייט וואַנד איז ביי דער שאַנק א קאָמאָד געשטאַנען, בעדעקט מיט א געשטריקטען טישטוך. אויף איהם זענען געווען אויסגעשטעלט פערשידענע קאליר'טע טעלער, צוזאמען־געגלייסטע גלעזערנע כלים, צווישען זיי איז אויך געשטאַנען א גלעזערנע צוקער פּושקע, איך האב עס אויפגעדעקט. אינוועניג איז נאך געלעגען האַטע, אודאי נאך פון מיין פעטערס אתרוג עליו־השלום.

איך האב מיך אַנידערגעזעצט ביים טישיל, גענומען א ספר'ל אין האַנד אריין און דערינען אריינגעקוקט.

אין האַרץ האב איך מורא געהאט, אז עס זאל מיר חלילה נישט איינפאַלען, צוצוגעהן און דאס צוקער־פּושקע צו צוברעכען, אָדער גלאַט אזוי נעהמען א טעלעריל

פון קאמאד, און עס איוף דער ערד אראבוואַרפען, נאר איך האב מיך אנגעהאלטען, און אין ספר'ל זיך פערטראכט.

באלד האט זיך די כּהיר אויפגעעפענט, און א מיידיל איינגעוויקעלט אין א טוך איז אריינגעקומען.

זי האט דאס טוך פון איהר קאפ אראבגערוקט און עס האבען זיך בעוויזען צוזאַמענגעפרעסטע האר אויף איהרע שלייפען.

זי איז געבליבען שטעהן אין מיטען שטוב און האט געקוקט אויף מיר מיט איהרע צוויי גרויסע אויגען, מען האט דערקענט אין איהר, אז זי ווייסט נישט וואס צו זאגען, און וואס צו טהון.

באלד האט זי דאס לעמפיל אנגעצונדען און זי האט עס אויף דעם טישיל פאר מיר אנידערגעשטעלט.

איך האב מיין קאפ, טיעף אין ספר'ל אראבגערוקט.

— דו ביסט, דער מוהמע מלכה'לעס זוהן? — האט זי מיך פלוצלינג געפרעגט, אראבבוינענדיג דעם קאפ, ווי צוהאקענדיג האַלץ אויף ד'ר'ערד.

— יא,— ענטפער איך איהר. און דו ביסט דער מוהמע נחה פעריל'ס טאכטער?

— יא,— זאגט זי.

און איך האב ווייטער אין ספר'ל אריינגעקוקט.

— לאנג וועסט דו פערבלייבען? — האט זי מיך ווייטער געפרעגט.

— איך קלער דא, אין בית־המדרש צו לערנען,— זאג איך איהר מיט זעהר א ערנסטען טאן.

— טאקי? — פרעגט זי.

— יא,— פרעה איך מיך אויף מיין איינפאל, - די צייט איז ביי אונז שלעכט, דער טאטע פערדינט נישט, ער קאן קיין מלמדות געלה נישט צאהלען, בין איך געפאהרען אין דער פרעמד לערנען.

— צייט דער טאטע עליו־השלום, איז געשטארבען,— זאגט זי מיט א טרויריגען ניגון און נעמט אן מיט די פינגער דעם שוואַרצען סאמעט בענדיל וואס זי טראגט אויפ'ן האלז, - איז ביי אונז אויך די צייט שלעכט. דער „שלאבען" איז טייערער געווארען, מען איז אויף גאנצע נעכט און מען פערדינט גאר נישט.

באלד זאגט זי ווייטער;

— הי וועסט דו קענען לערנען, שלאפען וועסט דו ביי אונז, שבת און יום־טובים וועסט דו אודאי אויך עסען ביי אונז, און מארגען וועלען מיר ביידע אריבער־געהן צו דער מוהמע רבקה'לע — א געשעפט „טעג", וועסט האבען וואו צו עסען.

איך קוק אויף איהר און שוויג.

— וועש וועט דיר אויך נישט קאסטען,— זאגט זי ווייטער, - אין איינעם מיט די אונזערע וועט מען דיינע אויך אויסוואשען. נישט געזארגט וועסט דיר א עצה געבען.

איך האב מיך אין שטיביל אריינגעקוקט, און אלץ האט מיר שוין אזוי פריינד־ליך, אזוי היימיש אויסגעוויזען.

— דאַ, זעהסט, — זאָגט זי צו מיר ווייזענדיג מיט'ן פֿינגער אויף דעם שטיקיל ליידיגען אָרט, וואס איז צווישען דעם שענקיל און דעם קאָמאָד, — וועט מען קענען אַ בעטיל אַנידערשטעלען, בעטגעוואַנד איז אָהן עין־הרע דאַ ביי אונז גענוג.

איך האָב געוואָרפֿען אַ בליק אויף דעם ליידיגען שטיקיל ווינקעל, און אַ וואַרימקייט איז דורך מיין האַרץ דורכגעלאָפֿען, דאַ וועט מיין „מקום מנוחה“ זיין.

— גוט, — און איהרע צוויי גרויסע אויגען האָבען ליעבליך נעשמייכעלט צו מיר.

איך האָב געשוויגען און געקוקט אויף איהר.

און קוקענדיג אויפֿ'ן פֿענסטער — האָב איך מיר געטראַכט: דרויסען איז פֿינסטער, און איך בין מיר אין דער היים...

זי האָט מיר אַ גלאָז טהיי דערלאַנגט.

— טרינק, דערוואַרים דיך, באַלד וועט די וויעטשערע פֿאַרטיג ווערען.

די טהיר האָט זיך אויפֿגעעפֿענט, מיין מוהמע איז אַריינגעקומען.

איך, האַלטענדיג דאָס גלאָז טהיי אין דער האַנד, האָב איך עפּיס ביי מיר געפֿיהלט, אַז איך טהו אַ עוולה.

— וויסט, מאַמע, שמואל דער מוהמע מלכה'לעס איז דאַ אַהער געקומען לערנען. ער וועט עסען „טעג“, ביי אונז וועט ער נעכטיגען, וואס נישט?

די מוהמע האָט אויפֿגעעפֿענט דעם פֿוטער, און עס האָט זיך געוויזען דאָס שוואַרצע באַנד, וואָס זי טראָגט אויף איהר האַלז.

מיין מוהמע האָט אָבגעזיפֿצט און געשוויגען.

— זעהסט, מאַמע, דאָ, צווישען דער שאַנק און דעם קאָמאָד וועט מען קענען אַ בעטיל אַנידערשטעלען, דאַכט זיך ביי דער מוהמע רבקה'לען איז דאַ אַ איבריג בעטיל, איך וועל מאָרגען צו איהר אַריבערגעהען.

— מאַך דיך נישט צו נאַר! שמואל וועט מאָרגען אַהיים פֿאָהרען.

און ווענדענדיג זיך צו מיר, האָט זי ווייטער געזיפֿצט:

— אַ קינד מאַכט זיך צום נאַרען. האָפּט זיך אויף און לויפֿט פֿון דער היים אַוועק, אוי, אוי, יונגע קינדער!

שרה דאָבריש איז געשטאַנען אין מיטען שטוב און געקוקט אויף מיר פֿערפֿערוואונדערט און רחמנות'דיג.

איך האָב מיך פֿערשעמט אין ספר'ל פֿערטראַכט.

אין שטוב איז שטיל געוואָרען.

באַלד האָט זיך געהערט אַ פֿוהר פֿאָהרען און מיין מוהמע איז פֿון שטוב אַרויס.

שרה דאָבריש האָט שוין גאָר נישט גערעדט. דאָס פּנים האָט זי אין קימען פֿערבאָרגען.

איך בין צום פֿענסטער צו און אויף דער גאַס אַרויסגעקוקט. דרויסען איז זעהר פֿינסטער געווען. באַלד האָט זיך אַ קלאַפּען פֿון רעדער געהערט, און אַ פֿוהר מיט אַ לאַמטער איז דורכגעפֿאָהרען. די פֿוהר איז געפֿאָהרען און פֿון דערווייטענס האָט זיך אַ פֿונק ליכטיגקייט אין דער פֿינסטערניש געטונקט.

* * *

אויף מאָרגען אין דער פריה האָט מיך מיין מוהמע מיט א פּויערישער פוהר אויפגעדונגען און מיך צוריק אַהיים געשיקט.

שרה דאָבריש, מיין מוהמעס מיידיל איז געשטאַנען ביים שלאָבען און האָט מיר נאָכגעשריען:

— פאָהר געזונדערהייט, גריס די מוהמע מלכה׳לע.

די פוהר איז ווייטער געפאָהרען.

דער הימעל איז געווען בעוואָלקענט. א געדיכטער קאַלט-בלוטיגער רעגען האָט אָהן אַנ׳אויפהער פון דער הויך, פּאמעליך, אויף דער ערד געגאָסען. עס איז געווען איינער פון די רעגענס, וואָס מען ווייסט נישט, ווען זיי הויבען זיך אָן און ווען זיי לאָזען זיך אויס. עס דאַכט זיך, אַז עס רעגענט שוין אַזוי פון אייביג, די וועלט איז באַלד אזוי בעשאַפען געוואָרען מיט׳ן רעגען, און עס וועט ווייטער רעגענען, ווייטער, אַזוי לאַנג ביז די וועלט וועט שטעהן...

און איך האָב מיך איינגענאָרעט אין א ווינקעלע וואָגען אַריין, בעהאַלטען מיך אונטער דעם נאַסען געזעס, און מיינע הענד האָב איך אונטער מיין קאַפּאָטע אַרונ־טערגעשטעקט, אָנגעטאַפּט דאָס העמד אויף דער ברוסט. איך האָב ביי מיר געשפּירט, אַז מיינע הענד זענען ביי מיר אין דער היים, אין מיין אייגען ווינקעל בעהאַלטען.

אַ קייטיל האָט זיך פון וואָגען אָבגעטשעפּעט און האָט אָהן אַנ׳אויפהער אין די ברעטער געקלאַפּט, דער רעגען האָט געקאַפּיעט, און די קייטיל האָט נאָך אַנאַנד געקלאַפּט. און עס האָט זיך געדאַכט ווי א הונד וואָלט אין א נאַסע באָדע געוויעט.

און די וואָלקענס ציהען זיך איבער מיין קאָפּ. אָט דאַכט זיך מיר, אָט שטעק איך די האַנד אויס און טאַפּ זיי אָן, נאָר אָט רוקען זיי זיך העכער אַרויף. און דער רעגען קאַפּיעט, א טראָפּ צו אַ טראָפּ, א טראָפּ צו א טראָפּ, און די טראָפּענס פאַ־לען אין די וואַסערליך, וואָס זענען צווישען דעם וועג און צווישען די ווייטע, נאַסע פעלדער. און וואַסערליך רעדלען זיך, און די פייכטע ערד זאַפּט אין זיך די טראָפּענס איין.

איך קוק אויפ׳ן פויער. ער זיצט איינגעקאָרשעט אין זיין נאַסען פּאלטאָ, אַראָב־בויגענדיג דעם קאָפּ אויף דער ברוסט, און זעהט אויס טיעף פערהושכ׳ט. זיינע אויגען קוקען ווייט אַוועק. ער האַלט אָפען דאָס מויל און שווייגט. נאָר זיין אויסגע־געשט־עקטער רוקען דאַכט זיך, ווי ער וואָלט זאָגען, איינזאָפּענדיג אין זיך, גלייכ־גילטיג, די טראָפּענס רעגען: וואָס געהט עס מיך אָן?

און די פערד געהען זיך פּאַמעלע, מיט אַראָבגעלאָזטע קעפּ שטעלען זיי זיבער ווייערע טריט אין דער פייכטער ערד.

איך קוק אויפ׳ן ראָד פון וואָגען, ווי עס דרעהט זיך אריין אין דער בלאָטע. אָט באַלד פּאָהרט א העלפט ראָד און דער הייך אַרויף, אַריינציהענדיג אונטער זיך דאָס אַנדערע האַלבע ראָד אין בלאָטע, און אַזוי דרעהט עס זיך, אַמאָל איז איין האַלבע ראָד אין דער בלאָטע און די אַנדערע העלפט אין דער הייך און דאָס צווייטע מאָל פערקעהרט.

און איך קוק מיך אַרום — די פעלדער זענען בעוואָלקענט און נאַס, דער הימעל איז גרוי; ער הענגט, דאַכט זיך, אַראָבצופאַלען און אַלס צוצודעקען — און

געדאַכט האָט זיך מיר, אז די גאַנצע וועלט, אַט דאס אַלץ וואס איז אַרום איז ברוגז אויף דער וועלט'ס מאַמען, זי אַנטלויפט פון חדר צו דער מוהמען נחה־פעריל, און די וועלט האט אויך אַ עלטערן ברודער וואָלף, וואָס ער וועט זי פרעגען, ווען זי וועט אהיים קומען: וואו ביסט דאָ געווען?

אויפ'ן פעלד אַקערט אַ פויער. דאס פערד איינגעשפאַנט אין דעם אַקעראייזען, ציהט זיך און שלעפט זיך איבער דער פייכטער ערד, עס שטעקט דעם קאָפּ אַרויס און ציהט ווייט אויס דעם האַלז, דאָס אייזען שלעפט זיך נאָכ'ן פערד — און דער פויער געהט אונטער זיי, און שמייסט מיט דער בייטש.

און די פוהר פאָהרט ווייטער, אַט באַלד ווייזט זיך אַ לאַנג שטיק שוואַרץ אויסגעשניטען פעלד. באַלד ציהט זיך א שוואַרצער וועג פון פעלד עפּיס ווי א וועג, וואָס פיהרט צו א „בית־עולם" צו.

און אַרום שוועבט א נעפּיל אין דער לופטען און שטיקט אַלעס צו.

און געדאַכט האט זיך מיר, אז מיר אַלע — איך, דער הימעל, די פעלדער, דער פויער מיט'ן אַקעראייזען, אַלעס ארום זיטצען אין חדר. עס איז דאָנערשטאג נאך אָנ־בייסען; די זון איז ערשט ביים שפּיטץ פענסטער, א סימן, אז עס איז ערשט האַלב איינס, און מיר אַקערן עפּיס, ביי זעהר א שווער שטיקל תוספות, און מיר קענען נישט דורכקומען.

באַלד האט זיך בעוויזען א הויכער פּאַלאַץ ארומגערינגעלט מיט א גאַרטען. פון דערהויך האָבען זיך געוויזען פיער גרויסע פענסטער, אין מיטען א באַלקאָן, פון פּאַלאַץ ציהט זיך א לאַנגע אַלעע אַרויס מיט הויכע בוימער.

און איך האָב מיין פּנים טיעפער אין דער קאַפּאָטע בעהאַלטען, די הענד האב איך אונטער מיין ברוסט אַרונטערגערוקט און איך האָב מיך געפיהלט היימישער, איך בין ביי מיר.

און עס האָט זיך בעוויזען פאַר מיינע אויגען מיין ברודער וואָלפ'ס פּנים, ער שלאָגט מיך נאך נישט, ער האַלט דעם שטעקען אין האַנד און קוקט אויף מיר, קוקט מיך גוט אָן, און ביי דער טהיר שטעהט דער פויער, ער פערלאַנגט די פערציג גראָ־שען, וואָס די מוהמע האט איהם צוגעזאָגט...

און דאָ שטעהט דער פּאַלאַץ — און באַלד אַט עפענט זיך די גרויסע טהיר פון דעם פּאַלאַץ אויף, און די פוהר פאָהרט מיט מיר אריין, מען גיט מיך ערגיץ א נעם אַרויף... איך ליג אונטער א זיידען בעטגעוואַנד... מיר איז וואַרים... באַלד באָד איך מיך אין א וואַנע, און דאָ זענען אָנגעגרייט פאַר מיר נייע קליידער פון קאָפּ ביז די פיס... איך שפּיר ווי דאָס זיידענע העמד קנאַקט אויף מיין רוקען... און א אַט־לעסען קאַפּאטקעלע, מיט א גאַרטעלע... איך קוק, דורכגעהענדיג, אין שפּיגעל אַריין, איך זעה אויס ווי אַ בן־מלך... צוויי לאַנגע שוואַרצע פּאות'ליך...

עפּיס א פוהר איז דורכגעפאָהרען, דער פויער איז פון וואָגען אַראָב, און עס דאַכט זיך, אַז ער האָט ביי דעם צווייטען א פאַפּיראָס פעררויכערט.

... און מען פיהרט מיך אין אַ גרויס צימער אַריין... עס בלישטשען אַזוי פיעל ליכט און זילבערנע רעהרען... ביי א לאַנג געדעקטען טיש זיצט אַ אַלטער יוד

אויבען אָן... מיט אַ ווייסער באָרד... אַ זילבערן טאַבאַק־פּושקעלע אין האַנד און קוקט אין אַ ספר אריין... עפּיס אַ יודענע אין גרויסע בריליאַנטענע אוירינגען, אין אַ זיידענער הויב גרייט צום טיש. איז עס מיין מאַמע? ניין... אַ פרעמדע... מען פ'ר־עהט זיך מיט מיר... שלום־עליכם... מען קושט מיך... די מהותנת'טע וויינט...

עפּיס ווער איז דורכגעלאָפען איינגעוויקעלט אין רעגען, אויפ'ן פעלד שטעהט אַ פוהר אָהן אַ פערד, נאָר דער דישעל איז אַזוי לאַנג.

... איך זיטץ ביים טיש... שמועס אין לערנען... איך פערענטפער אַ האַרבען רמב"ם... דער מחותן ווענדט מיך אָב מיט אַ מר"ל'ס אַ קשיא... איך ברענג איהם אַ ראיה פון אַ רא"ש... אַלע קוקען אויף מיר... נור מיין מחותן שטעהט פערגאַפט... די מהותנת'טע ווישט זיך די אויגען מיט אַ טיכיל... און דאָרט... פון אַ שפּאַלט פון דער טהיר... אַ זיידען קליידיל... זי הארכט... זי עפענט ברייטער אויף די טהיר, און קוקט... איך מאַך מיך ווי נאַר־ נישט... און רעד ווייטער, פערענטפער אַ "תבואת־שור".

...מען פיהרט די כלה אַריין... זי איז שען ווי אַ בת מלכה... בלויז זייד און סאַמעט... אין צוויי שוואַרצע צעפּ... אין אַ ווייס שערציל... זי לאָזט אַראַב דעם קאָפּ... זי שעמט זיך... איך אויך... דאָס האַרץ קלאַפּט אין מיר.

...ווי געפעלט דיר דיין כלה?... די קינדער שעמען זיך! האַ, האַ, האַ! זעהסט ווי רויט ער איז געוואָרען... און איך שטעק מיין פינגער אין גאַרטלע אַריין און דרעה מיך איבער'ן שטוב...

...זיי וועלען זיך אַליין געוועהנען איינער צום צווייטען...

...מען גרייט צום טיש... אַ גרויסער הענגלייכטער הענגט פון באַלקען אַראָב מיט גרויסע בריליאַנטענע גלעזלך... איך מיט מיין מחותן זיטצען אויף איין זייט טיש... זי מיט די מהותנת'טע אויף דער צווייטער זייט טיש... דער הענגלייכטער פערשטעלט... זי קוקט אויף יענע זייט הענגלייכטער, איך אויף דער זייט...

...איך זאָג ווייטער תורה... דאָס פשט'ל אויף "שחיטת הוץ"... פערענטפער דעם רמב"ם... דער מחותן ווענדט אָב... איך לאָז נישט... ברענג די גמרא פון חולין... זי ווינקט... קוקט אויף מיר... לאָז דיך נישט... אַט אַזוי... פערענטפערט... ריכטיג... זי שמייכעלט... הא?!

מען פיהרט מיר מיין כלה צו... איך מאַך די אויגען צו... איך קוק נישט... מען גיט מיר אַ גילדענעם זייגער... זי געהט... נעם, זאָגט זי, און קוקט מיך אָן... איך מאַך די אויגען צו און נעם... איך טראָג איהם אויף די אַטלעסענע וועסט...

...איך זיטץ מיט איהר אליין... אין אַ גלעזענער אלטאנקע... זי קוקט נישט... איך אויך נישט... מען קוקט אין וואַסער אַריין... ניין אין אַ ספר'ל אַריין... זי שמייכעלט... ניין... זי זיטצט, האַלט דעם קאָפּ אַראָבגעבויגען... ניין... זי זיטצט און קוקט אויף מיר גלייך אין פנים אַריין... איך אויך... גלייך איהר אין פנים אַריין... זי וויינט... יאָ, עס רינען אַראָב די טרעהרען איבער די באַקען... איך האַלט די צעפּ... ניין... מען מעג דען?... איך קוק אויף איהר... איך וויין אויך... זי האָט אויף מיר רחמנות... אַזוי רחמנות...

איך נעם זי ביי דער האַנד אָן...

„דו האָסט נישט דעם פֿויער צו בעצאָהלען? האָסט מורא פֿאַר דיין ברודער וואלף...“

איך קוק מיך אום, דעם פּאלאַץ איז מען שוין לאַנג פֿאַרביי געפֿאָהרען, עס ציהען זיך נאַסע בעוואָלקענטע פֿעלדער.

עס בעווייזט זיך אַ קליין הייזיל, דער שטרוידאַך איז אין רעגען דורכגעווייקט, פֿון קוימען געהט אַ געדיכטער רויך אַרויס און צולעגט זיך האַרט איבער'ן וועג. פֿאַר דער טהיר שטעהט אַ פּוהר, דאָס אויסגעשפּאַנטע פֿערד האַלט דעם קאָפּ אין וואָגען בעהאַלטען, און גיט איבער זיין רוקען אַ כפרה דעם רעגען. דער פֿוהרמאַן שטעהט אין דער טהיר ביים הייזיל, איינגעקארטשעט אין זיין צוּוויקטען מאַנטעל. האַלט די בייטש אין אָרים, פֿערלעגט די הענד און קוקט נארעדיג פֿון מאַנטעל אַרויס.

עס בעווייזט זיך דאָס וועלדיל. עס שטעהט אין רעגען און קען זיך נישט ריהרען, און די בוימער טוליען זיך צו איינער צום צווייטען...

נאָך דעם וואַלד זעהט מען שוין דעם שפּיץ קירכע פֿון אונזער שטעדטיל אַרויס, און מיין האַרץ האָט אָנגעהויבען קלאַפּען: שוין אין דער היים!...

שלום אש.



# שלום יעקב אבראמאוויץ

(מענדעלי מוכר־ספרים)

פון

### נ. ד. צדק.

איך בין א פעדעמל איינגעוועבט אין דעם גרויסען שטיק מאטעריע, וואס געהט אין דער וועלט פון אייביגע צייטען אונטער דעם נאמען יוד", (ווינשפינגערל, ז' 10).

---

## IV.

אבראמאוויצעס בעסטע ווערק זענען דורכגעזאפט מיט צוויי געפיהלען, כמעט פון איטליכער שורה קלינגט ארויס די פ ע ר א כ ט ו נ ג צו דער יודישער אלט פאר־צייטיגער מאסע, און כמעט איטליך קאפיטעל ענדיגט זיך מיט די ווערטער פון א טרויריג געמיטה, וואס ווייגט פאר רחמנות. אין דעם רחמנות און אין דער פעראכטונג, צו וועלכער עס האבען זיך צוגעמישט עטליכע טראפענס פון שנאה, און אין דער ביטערקייט פון זיין טאן, אין וועלכע עס שמעלצען צוזאמען די ביידע געפיהלען, ליגט די קראפט פון אבראמאוויצ'עס טאלענט, ליגט דער סוד, פארוואס ער ווירקט אזוי אויף דעם לעזער.

אבראמאוויצ'ען האט אבגעשטויסען דאס נארישע מיאוסע לעבען פון נזירים, וואס רייסען זיך צום לעבען און פעראכטען זיינע נאטירליכע תענוגים, עס האט איהם אבגעעקעלט דער האלבטוידטער עבר. מיט וועלכען עס שלעפט זיך ארום די יודישע מאסע. ווי א לעבענדיגער צווישען מתים האט ער געוואנדעלט צווישען זיינע ברידער, און אליין האט ער זיך געפיהלט ווי א קברות מאן. וועלכער טאר ניט פערלאזען דעם בית עלמין. „ער איז געווען א איינגעוועבט פעדעמיל אין דעם שטיק מאטעריע, וואס טראגט אויף זיך דעם נאמען יוד", און די שווערע מאטעריע האט איהם גע־קוועטשט און געשטיקט און פערדארבען זיין יוגענד, ווי די יוגענד פון טויזענדער אנ־דערע פעדעמליך זיינס גלייכען, ער האט פעראכטעט דעם יודישען כלל, וואס איז ניט בכח ארויסצוגעבען א געזונדען יחיד, דעם כלל, וואס געבערט הערשעליך, „ביי ווען

די יונגנד פֿערבליהט גיך געשווינד. ביי וועמען די קינדהייט ניט נור אויף א ווילע אַ שיין, ווי די זון אין אַ מיאוסען ווינטערטאָג און פֿערגעהט באַלד אין אַ גרויסער לאַנגער המארע" (ווינשפּ, ז. 32). ער האָט געקראגען אַ שנאה צום יודישען כלל, וואָס איז ווי אַ אויסגעמאטערט פֿעלד און לאָזט ניט אַריין קיין פֿרישען הויך, קיין לעבעדיגען געדאַנקען צווישען די ענגע פֿער'עפּוש'טע גהעטטא-מויערען.

אין דעם ווי אַ. קוקט זיך צו צו איטליכער בעוועגונג פֿון אַ יודישען גוף, אין דעם ווי ער שילדערט איטליך שפּרענקעלע, איטליכע בראָדעווקע פֿון אַ יודישער נאָז, אין דעם ווי ער פֿערמיאוסט אונז דעם פּנים און דעם הילוך פֿון זיינע העלדען — דערקענען מיר די פֿערביסענע אויפֿמערקזאַמקייט און דעם שאַרפֿען בליק פֿון געפּייניגטען צום פּייניגער. ווי אַ שטיפֿקינד האָט ער זיך צוגעקוקט צו איטליכער בעוועגונג פֿון דער יודישער עדה, און קיין קרימעלע איהרס, קיין קנייצעלע איז ניט אַוועק פֿאַר איהם אָהן אַ ניפּטיגען באור.

זיין מענדעלע, אין וועלכען עס איז געוויס מגולגל געוואָרען אַ שטיק נשמה פֿון אַבראַמאָוויצען אליין, האָט אַ טבע צו קוקען אויף זיינע ברידערליך די יודילעך „מיט פֿערצויגענע ליפּען, אויף וועלכע עס ליגט אויסגעגאָסען אַ שטענדיג געלעכטעריל" (קליין מענשעלע, פּישקע ז. 9) „מיר חלומ'ט זיך נור בעטלערס". פֿאַר מיינע אויגען שוועבט תמיד אַ טאַרבע, די אַלטע גרויסע יודישע טאַרבע', רופֿט אויס אבראַמאָוויץ אין זיין „פּישקע דעם קרומען".

„אויפֿ'ן ניעדריגען טרעפּיל אונטען דאָ אין די קעלערס געפֿינט ער נור שמאַטעס און פֿולע סחורה" (פּישקע). זיינע העלדען זענען עפּיס ווי מתים, פֿערהלוש'טע אויף טויט, „זייער גוף האָט עפּיס קיין שום התמונות ניט", און אַ שטענדיג געלעכטעריל בעווייזט זיך אויף זיינע ליפּען, ווען ער זעהט, ווי די מתים פֿערגעסען זיך אויף אַ ווילע, און געטריבען פֿון הונגעריגען מאַגען, „וואָס איז ניט גרעסער ווי אַ כזית", הויבען זיי אָן צוגעהען אַ טענציל אין קאָן, אין ערגעץ דריקט זיך ניט אַזוי אַרויס אבראַמאָוויצעס פֿעראַכטונג ווי אין די ערטער, וואו ער שילדערט אַ יודען, ווען ער יאָגט זיך נאָך פּרנסה, נאָך אַ יודישער פּרנסה.

די פֿעראַכטונג וואָס דער יוד האָט צו זיך אַליין, צו זיינע פּרנסות, צו זיינע עסקים'ליך, צו דעם גאַנצען אַרט לעבען זיינעס, ווי מיר האָבען דאָס געזעהן אין פֿריהערדיגען קאַפּיטעל, האָט זיך בעזעצט אין האַרצען פֿון ערשטען גרויסען יודישען פֿאָלקסדיכטער.

דער יוד אָבער אין אבראַמאָוויצעס וועלט קען זיך נור יאָגען נאָך פּרנסה. קריגען אָבער טהוט ער זי ניט. אַ פֿערהונגערטער, אַ פֿערביטערטער, אנגעקרענקט פֿון אַלע זייטען פֿון אייגענע און פֿון פֿרעמדע, קעהרט ער זיך אום צוריק אין זיין פֿינסטערער דירה, צו דעם קבר פֿאַר'ן לעבעדיגען און זיצט ווי אַ אָבל אַ פֿעראומערטער אַ פֿער'מרה־שחורה'טער. שילדערנדיג איהם אין אַזאַ מצב פֿערשווינדט פֿון אבראַמאָוויצעס ליפּען דאָס שטענדיגע געלעכטעריל און אַ קוואַל פֿון רחמנות פֿליסט אַרויס פֿון זיין געמיטה.

א רייך יודיש רחמנות קלינגט ארויס דעמאָלסט פון איטליכער שורה זיינער. ניט דאָס רחמנות פון א שטאַרקען צו א שוואַכען, פון א דאָקטאָר צו דעם קראַנקען, פאַר וועמען ער האָט א מיטעל צו דערלייכטערען דעם שמערץ: עס הערט זיך דאָס רחמנות פון א מאַמע צו אַ פערגעבען קראַנקען קינד איהרען, וועלכע קען נור מיטוויינען, איינטולען, איינשטילען מיט דעם טיעפען מיטגעפיהל פון א ליעבענד האַרץ, „וואָס ליידט איינע צרות, וואָס פיהלט די אייגענע וועהטאַגען".

צווישען אבראַמאָוויטשען און זיין העלדען פּאַסירט דאָס אייגענע, וואָס צווישען הערשעלען און זיין טאַטען, בעת דער לעצטערער איז ארויס פון בקור־חולים.

„קיינמאָל האָט הערשעלע ניט אַזוי ליעב געהאַט דעם טאַטען ווי דעמאָלסט. און קיינמאָל אין זיין לעבען וויעדער האָט אויך דער טאַטע ניט אַזוי גוט, ניט אַזוי ליעבהאַרציג געקוקט, אַזוי זיס שטיל אויף א שוואַכער שטימע ניט גערעדט, ווי אין יענער צייט. עפּיס איז ער אליין געוואָרען אַ קינד און האָט מיט זיין בליק, מיט זיין שטיל שוואַך לשון אַרויסגענומען א שטיק געזונד. עפּיס איז דערינען געלעגען אַ קלאַגען זיך שטיל אָהן ווערטער אויף די וועהטאַגען זיינע און דעם ווילסטען לעבען און א געבעט: „געוואַלד, געוואַלד! נישטאָ שוין מעהר קיין כח אויסצוהאַלטען!... מען האָט בעשיינפערליך געזעהען, אז ווען הערשעלע זאָל זיך נישט געווען שעמען, וואָלט ער דעמאָלסט דעם טאַטען די גליעדער אויסגעקושט" (ווינטשפ. ז. 95).

קיינמאָל האָט אבראַמאָוויטש ניט אַזוי ליעב די יודישע מאַסע, ווי אין דער צייט בשעת עס הערט זיך ביי איהר „דאָס קלאַגען זיך אָהן ווערטער אויפ'ן ווילסטען לעבען", בשעת אויפ'ן פּנים איהרען ליגט א געבעט: געוואַלד געוואַלד! ניטאָ שוין מעהר קיין כח אויסצוהאַלטען, דעמאָלסט ווערט אבראַמאָוויטשעס האַרץ ווייך ווי ביי א טיעף פיהלענדער מוטער און ער פּרעהט זיך, דאָס די עדה יודען האָט נאָך עפּיס א שטיקיל עדי מקלט, וואו זי קען אַוויילע פערגעסען איהר ווילסטען לעבען ביי אַ בלאַט גמרא, ביי אַ שטיקיל זוהר, אָדער ביי דעם טרויריגען נגון פון אַ הזנ'יש שטיקיל.

ער אליין האָלט שוין וועניג וואס דערפון, איהם גיט דאָס שוין ניט אַזא דערליכטערונג, נאָר ווי אַ טרייע מוטער איז ער צופרידען, אז דאס פערגעבען קראַנקע קינד האָט נאָך עפּיס א צאַצקעלע, מיט וואס זיך צו שפּיעלען.

אין דעם יודישען רחמנות ליגט דער איזעזנער יאוש, ווי אין דעם יודישען פאָלקסווייץ, און אויף אבראַמאָוויטשעס ווערק ליגט אויסגעשפּרייט דער גייסט פון דער יודישער מאַסע, וואס איז זיך ציטעוויז אליין מבטל.

צוליעב דעם טיעפען רחמנות צו דער יודיישער מאַסע, וואס אבראַמאָוויטש האָט געפיהלט, איז ער אַריבער געוואַקסען זיינע ברידער די משכילים פון דער השכלה צייט מיט עטליכע קעפּ. נור איהם אליין האָט זיך איינגעגעבען טיעפער אריינצודרינגען אין די פרומע נשמה פון דער יודיישער מאַסע, ריכטיג אָבצושאַצען וואס פאַר אַ טרייסט עס איז געלעגען פאַר דער מאַסע אין די מנהגים און אין דעם פרומען לעבען פון די פאַרצייטיגע דורות.

אין דעם מענשענס נשמה שפּיעגעלט זיך אָב אַ גאַנצע וועלט, דער ים געפֿיה־לען אין הארצען נעהמט זיך פֿון טויזענדער קוואלען, אינוועניגסטע אין איהם און אויסער־וועניגסטע היין איהם". ניט אלע זענען אָבער אַזעלכע מענשען, ביי וועמען עס שפּיעגעלט זיך אָב אַ וועלט. ביי דעם גרעסטען טהייל מענשען געהט זי פֿאַרביי פֿאַר זייערע פֿערד־שטיבטע חושים, „קאלט מיט פֿוילע ווינטען ניט צו לאָזען אין לעבען עפּיס אַ זכר".

אבראַמאָוויץ איז געווען איינער פֿון די איינינע יחידי סגולה, פֿאַר וועלכען די וועלט פֿון דער יודישער מאַסע האט זיך אָבגעשפּיעגעלט מיט אלע פּרטים, און פֿער־טיעפֿט האט ער זיך אין די פּרטים, זייענדיג געטריבען פֿון די צוויי אויבען דערמאַנטע געפֿיהלען.

אבראַמאָוויץ'עס בעסטע ווערק זענען די, וואו זיין רחמנות און פֿעראכטונג צו דער יודישער מאַסע האט זיך אויסגעדריקט שטאַרקער ווי אומעטום. ניט דאָס „קליין מענ־שעלע" ווייזט אונז די אוצרות פֿון אבראַמאָוויץ'עס טאַלענט, אויך ניט „די קליאטשע" אפילו *). אין „פֿישקע דעם קרומען" און „אין ווינשפּינגעריל" געפֿינען מיר דעם גאַנצען אבראַמאָוויצען. אין ערשטען בוך זעהען מיר דעם יודען ביי דער פּרנסה מיט דער אַל־טער גרויסער יודישער טאַרבע. און אין צווייטען די יודישע דערשלאָגענע מאַסע, וואָס פֿערגראָבט זיך אין די אוצרות פֿון אַ אלטען עבר; וואָס געפֿינט אויף אַ ווײַלע אין דעם פּרים לעבען אַ היילונג, אַ טרייסט אויף אַ מינוט. פֿישקע דער קרומער איז דאָס בוך פֿון דער פֿעראַכטונג צו דער יודישער מאַסע. ווינשפּינגעריל דאָס בוך פֿון רחמנות.

---

V.

אין „פֿישקע דעם קרומען" שילדערט אונז אַבראַמאָוויץ די גשמי'שע וועלט פֿון דער יודישער מאַסע. ניט די מעשה, וואָס ער דערצעהלט אונז וועגען פֿישקען און דער „האָרבאטער", האט פֿאַר אונז אַ ווערט, נאָר די דערבייאיגע שילדערונגען, וואָס קעהרען זיך גאָר מיט דער מעשה ניט אָן. דער וועלכער וועט בעווייזען, אַז דער „ממזר" און די „האָרבאטע" זענען גענומענע געשטאַלטען פֿון עזשען־סיאו'ס ראָמאַן „די געהיימניסע פֿון פּאַריז" האט דערמיט די ווערדע פֿון „פֿישקען" ניט פֿערמינדערט. און אויך די, וועלכע זוכען אין „פֿישקען" אַ געטרייעס בילד פֿון אַ יודישען בעטלערשען לעבען, מעגען וויסען, אַז דאָס וואָס זיי זוכען וועלען זיי ניט געפֿינען.

פֿישקע דער קרומער לייענט זיך ווי אַ משל, ווי אַ צוגלייכעניש צו דער יודישער אָרימקייט בכלל. אַבראַמאָוויץ האָט ניט געשילדערט אַ געוויסע קלאַס בעטלערס, וואָס לעבט זיך אָבגעזונדערט פֿון דער גאַנצער מאַסע אַרבייטער און פֿערדיענער. זיין מיין איז געווען גערעד אומגעקעהרט. ער מאָלט אונז אין „פֿישקען" דעם יודישען כלל אין דער געשטאַלט פֿון אַ מתנה בעטלערס און שלעפּערס. ניט אומזיסט הלומ'ט זיך

*) „די קליאטשע" און „דעם יודישען פֿאַר פסח" פֿון שאַצקעס בעטראכט איך אַלס די איינציגע בעדייטענדע ווערק פֿון פֿאָלקס פּובליציסטיק, און געפֿין אַז מען מוז זיי אַרומרעדען גאָר אין אַ בעזונדער קאַפּיטעל.

אַבראמאָוויצען נור בעטלערס; ניט אומזיסט שוועבט תמיד פאר זיינע אויגען א טאָרבע, די אַלטע גרויע יודישע טאָרבע (פּישקע ז. 6), און ניט אומזיסט דאכט זיך איהם צייטענווייז, אַז הינטער איטליכען יודעלע שטעהען כתות מלאכים און זאַגען: „וואַקסט, שפּראַצט קבצנים, שפּראַצט ווי גראָז און קראָפּעווע; געהט יודישע קינדער און שלעפּט זיך אַרום אין די הייזער" (מסעות בנימין השלישי ז. 4).

ביי אבראמאָוויצען איז די מעשה גופא שטענדיג א צוגעשטיקעוועטע זאַך, ער האַקט זיך איבער אויף איטליכען טריט און הויך „דאָס קליין מענשעלע" וואָס הויבט זיך אָן פון ברענ, פיהרט ער די מעשה קיינמאָל ניט אויס ביז צום סוף.

אויף אַ געמייזאַכץ בעוועגען זיך בלעזליך, אין וועלכע עס שפּיגלען זיך אָב די שטראהלען פון דער זון און וועלכע פינקלען אַ ווײלע און פּלאַצען. צווײ פּאָעטען שטעהען פאַר דעם געמייזאַכץ: איינעם אינטערעסירט דאָס בלעזעלע, זיין בעוועגען זיך און זיין פריהער טויט, דעם אַנדערען דאָס געמייזאכץ אַליין, פון וואַנען עס נעהמען זיך די טויזענדער בלעזעליך.

אבראמאָוויצען האָט מעהר אינטערעסירט דאָס געמייזאכץ אַליין, די אַלגעמיינע געשטאַלט פון דעם יודישען כלל, ווי די איינציגע בלעזליך פון כלל. נאָר צוליעב די טעמים וואָס מיר האבען אין פאָריגען ביכיל אָנגעוויזען, האָט ער דעם יודישען געמייזאכץ געשילדערט אין דער פאָרם פון איינצעלנע געקינצעלטע יודישע טיפּען. דעריבער מוז מען לייענען ביי איהם די מעשה גופא מיט ווייניגער כונה, און זיך צוקוקען הויפּטזעכליך צום געמייזאכץ, וואָס ציהט זיך הינטער דער מעשה, ווי א ווייט ברייט פעלד הינטער א דאָרפיש הײזיל.

הינטער דער מעשה פון „פּישקען" שפּרינגט אַרויס דאָס יודיל, וועלכער האַלט אין איין ברעכען די תאוה פון עסען, ביי וועמען עס איז נור דא אַ סימן פון א מאָגען און וועלכער קומט אָב די וועלטיל מיט שיה פיה, מיר זעהען איהם א שוואַכען, אהן אַ שום כח, וואָס איז נור געבענטשט מיט אַ קול קול יעקב, וואָס קאן אָהן די יְדֵי עֵשָׂו ניט אויסקומען אַ טריט. מיר זעהען איהם א פערדאַגה'טען, אַ פערהלושט'ען, וועלכער ווערט נור לעבענדיג, ווען ער הערט רעדען פון געשעפּט, און דענסטמאָל בשעת עס בעוויזט זיך א מעגליכקייט עפּיס צו פערדיענען, ווערט זיין אימפּעט אַזוי גרויס, אַז ס'איז איהם גאָר ניט צו דערקענען. א יוד בשעת דער גסיסה, קוים דערהערט ער נור עפּיס געשעפט, ווערט ער לעבענדיג, און דער מלאך־המות אַליין קען דענסטמאָל צו איהם ניט צוטרעטען (פּישקע 23). די געשעפטען זיינע אָבערזענען ווינדיגע, האָבען קיין טעם און קיין ממשות ניט, זיי זעהען אויס ווי די גאָלדענע עסקים'ליך פון ר' אַלטער יקנה'ז און ר' מענדעלע מוכר־ספרים, וועלכע שטעהען אין א מיטען וועג ביי זייערע פוהרען מיט רומעל און בייטען אויס איינער ביי דעם אַנדערען, בערשטער טליתים אויף טלית־קטן'ס, א בינדעל כפל־שמונה'דיגע ציצית אויף הייעליך און וואלפּסצייהנדליך, קינדערישע יאַרמעלקעליך אויף מזוזה'ליך, רצועות אויף קופער און מעש. די געשעפטען און די רווחים קען מען שוין זעהן דערפון, אַז א יודישער מוכר־ספרים מוז מיטפיהרען קופער און מעש, אז א יודישער מחבר מוז נאָך זיין א שטיקיל שדכן, אז אַ פּויילישער שמש אין קלייזיל מוז נאָך האַלטען אַ שענקיל אין

אלמער. ביי די גאָלדענע רוחים פון בייטעניש יארמעלקעליך אויף מעש און קופּער־וואַרג האָט דער יוד עפּיס אַ פּנים דערביי אַקוראַט. ווי ער וואָלט האַלטען עולמות איבערצוקעהרען, „מיין ערגסטען שונא וואָלט איך ניט ווינשען אָנצוקומען צו איהם, בעת עס דאַכט זיך איהם געשעפט. ער איז מבטל דעמאלסט איטליכען, אפילו דעם בעסטען פריינד, דעם אייגענעם ברודער מיט׳ן בליק (ז. 23).

קוקט זיך נור צו צום יריד, וואָס שילדערט אונז אבראמאָוויץ אויף דער זייטע 26. „א יודעלע אויפ׳ן יריד איז ווי א פישעלע אין וואסער... יודען ירידעווען, לויפען האנדלען, שטעהען ניט איין אויף איין אָרט... ס׳איז א טאַראַראַם, א קאַכעניש... דאָרט זעה איך לויפט אַ יודיל, א צווייטער, א דריטער, אויך פּאַרליך, פערשוויצט שטאַרק, דאָס מיטציל אויפ׳ן שפּיץ קאָפּ... דאָ א טאָפּ, דאָרט א טאָפּ, א מאַך אַהין, א מאַך אַהער, א דרעה מיט׳ן גראָבען פינגער און א קיי דאס שפיציל בערדיל: געפאַלען א פנים אויף אַ המצאה. עס לויפען גאָר אָהן א נשמה מעקלער, שדכנים, טאַנדעטניקעס, יודענעס מיט קוישען, יודען מיט טאָרבעס, מיט פינף פינגער, בעלי הבית׳ליך מיט בייכליך. איטליכען פלאַמט דאָס פנים: ניטאָ קיין צייט, א רענדיל א מינוט״. און די המצאה׳ליך, אויף וועלכע עס פאַלען איין די יודעליך מיט די פינף פינגער, האָבען דעם אייגענעם טעם, ווי דער איינפאַל פון ר׳ אַלטער יקנה״ז, וועלכער האָט אין בייזער איילעניש צונויפגעפיהרט א שידוך צווישען צוויי בחורים.

אין די נעוועהנליכסטע און הייליגסטע טהועכצען פון דעם עולם, וואס עס שיל־דערט אונז אבראמאוויץ, דרינגט אריין דער קרעמערשער גייסט, אַלצדינג קריגט די סמנים פון מעקלערישען עסק׳ל. „אפילו חתונה האָבען איז אויך א געשעפט. דער יוד האַנדעלט איין א ווייב, דינגט זיך פריהער גוט אויס וועגען דעם מקח, וועגען נדן, וועגען איטליכעס פיטצעלע בעזונדער. זענען די תנאים דערפילט געוואָרען כפי המדובר, טאַ, קום׳זשע כלה לעב אונטער דער הופה מיט דעם שדכן, מיט דעם בדהן, מיט דעם גאַנצען פעקיל כלי־קודש. וואָס לעקען פון געשעפט אָב א ביינדיל, זיי א ווייב, ריים קריעה, און ווער פערשוואַרצט מיט מיר אין איינעם. אויב די ביסט קלוג אָדער נאַריש, שען אָדער מיאוס, דאס איז שוין דיין עסק. מיר זענען ניט קיין פּרוצים, האָבען ניט קיין צייט צו קוקען אויף אַזעלכע זאַכען, יודען זענען מיר, סוחרים, מעקלער, קרעמער...״ (ז. 138).

און די לעצטע ווערטער הערט מען ניט נור פון מעקלער און קרעמער. דאס אייגענע טענה׳ט דער כלי־קודש־קבצן, וואס ציהט זיינע רוחים פון משניות זיפען פאַר א בר־מינן, פון מזוזות איבערקוקען און שופר־בלאָזען. דאס אייגענע וועט איך זאָגען דער „מצוה־קבצן״, ווי אַ שטייגער אַ פרוש, וואס וואַרפט אַוועק ווייב און קינד, בעגראָבט זיך ערגיץ אין א קלייזיל און לערנט דאָרט „ביצה״ אויף קהל׳ס דערבענונג, ישיבה־בחורים, וואָס געהען ארום שליגג און שלאגג, קראַטצען זיך אונטער׳ן אוזוען און עסען טעג.

הינטער דער מעשה פון „פישקען״ זעהען מיר אריסשיינען די גרויסאַרטיגע בנינים, וואָס האָט זיך געבויט אַ עדה קבצנים. מיר זעהען דעם יודישען הקדש, די יודישע באָד, די פּאַרצייטיגע יודישע קרעטשמע. אין געשילדערט זענען די דאָזיגע זאכען מיט דער

האַנד פון אַ קינסטלער, לייענענדיג דאָס, דאַכט זיך אויס, אז מען פיהלט די ריחות, וואָס צוניסען זיך פון די שיינענדיגע יודישע יסודען.

אין אבראמאָוויצעס פאַרצייטיגער וועלט איז די באַד געווען אַ מין היינטיגעדומע. זי האָט געשפּיעלט אין גשמיישען לעבען אַ ראָלע ניט מינדער כמעט ווי די קלויז אין גייסטיגען לעבען פון פאָלק. די פני פון דער שטאָדט האָבען דאָרטען אויך געהאַט אַ מין מזרח־וואַנד, און ווען דער קבצן האָט געוואָלט אַ וואַרעמע באָד, האָט ער געוואַרט ביי זיין שעפּעלע, ביז דער גביר איז אַרויף אויף די אויבערשטע פּאָלע.

צוגלייך מיט דער באָד האָט דער הקדש פערנומען אַ גרויסען פּלאַץ אין יודישען לעבען. אַ פאָלק פון קבצנים האָט נאָך דעם הקדש נייטהיגער געהאַט ווי אַ באָד. איבעריגענס דער הקדש און די באַד זענען געווען פערצייטען צוויי נאָהענטע קרובים, דער בעדער און זיין הויזגעזינד האָבען געוואוינט אין בנין פון הקדש, און אין די טעג, בשעת די באָד פלעגט ניט ווערען געהייצט, פלעגען די הקדש־לייט זיך אויסציהען די ביינער אויף די קאַלטע הילצערנע פּאָלעס.

דער פאַרצייטיגער הקדש איז געווען אי אַ הכנסת אורחים, אי אַ בקור חולים, און אַ באַגאַדעלניע, און וואָס פאַר אַ פנים ער האָט געהאַט קען מען שוין פערשטעהן דערפון, אַז דאָס וואָרט „הקדש" איז געוואָרען ביי אונז אַ צוגלייכעניש צו שמוץ, קראַנקהייט און פוילניס.

קיינער האָט ניט אַזוי קאַלט אונז געשילדערט אָט די דאָזיגע פאַרצייטיגע יסוד'ען פון יודישען כלל לעבען ווי אבראמאָוויץ, און דער קינפטיגער הוסטאָריקער פון דער יודישער מאַסע אין רוסלאַנד וועט זיך ניט גענוג קענען אָבדאַנקען פאַר די זייטען (31-36, 52-55, 103-106) אין „פישקען", וואו אבראמאָוויץ מאָלט אונז מיט אַ עפּישער רוהיגקייט פון אַ סאַטירישען האָמער דעם הקדש, די באָד און די יודישע קרעטשמע.

אויב „פישקע דער קרומער" איז דאָס בוך, וואָס דריקט אויס אבראמאָוויצעס פעראַכטונג דער פאַרצייטיגער יודישער מאַסע, אויב פישקע דער קרומער איז דאָס בוך, וואו עס שילדערט זיך דאָס גשמיישע לעבען פון דער יודישער עדה, ווי מיר האָבען דאָס לויט דעם פּלאַן פון אַ ענגען אַרטיקעל קיין אַנגעוויזען — איז „ווינשפינגעריל" גראָד דער היפוך דערפון. האָטש אבראמאָוויץ געפינט אז „דאָס יודישע נאַרישע רחמנות טהוט נור אַן גרויסע צרות, האַלט אויף פילע נפשות אָהן אַ צאָהל, וואָס זויגען ווי וואַנצען יענעמ'ס בלוט" (ז. 85), — האָט ער פון דעסטוועגען ניט געקענט פערשליסען זיין געמיטה פאַר די טיעפע יודישע רחמנות געפיהלען, וואָס האָבען אַרומגענומען זיין ציטערדיג האַרץ. אין „ווינשפינגעריל" האָט ער זיך הויפּטזעכליך פערטיעפט אין דער גייסטיגער וועלט פון דער יודישער עדה, און נור דאָס רחמנות צו די נעפּיינגטע מעקלערס און קרעמערס, וואָס טראָגען דעם נאָמען פון סוחרים און האָבען אָבער די רוחים פון קבצנים — האָט איהם ביינעשטאַנען איינצודרינגען אין אַזאַ וועלט, פון וועלכער ער אַליין אַלס משכיל האָט זיך שוין אָבגעקעהרט לאַנג.

אבראמאָוויצעס יוד, דער קאַבצאַנסקער תושב, וואָס קוקט אויף זיין קאַבצאַנסק ווי אויף דעם איינציגען יודישען ישוב, הינטער וועלכען עס ציהט זיך שוין אַ מדבר מיט ווילדע חיות — שטעהט אין נאָהענטע קריב'שאַפט מיט'ן רבונו של עולם. דער

אויבערשטער זאָרגט פאַר איהם ווי א טאַטע פאַר'ן קינד און שטראָפט איהם ווי א טאַטע. ער גיט רעגען פון יודישע בהמות וועגען, אַז די ציעגען זאָלען האָבען פאַשע, זאָלען האָבען קאַלוזשעס, פון וואַנען צו טרינקען און ניט דאַרפען אָבפרעסען די שטרוי פון יודישע דעכער. ער גיט טריקענע טעג, אַז די ווייבער זאָלען קענען געהען פרייטאַג אין יאַטקע, אויפ'ן מארק איינצוקויפען אויף שבת. ער מאַכט אַ גרויס געראָטעניש אין ציבעלע און קאַרטאָפּלעס, כבדי יודען זאָלען האָבען וואָס צו עסען. דערפאַר בלאָזען איהם זיינע קינדער די יודעליך שופר, זינגען איהם אַ מלך־עליון, מאַכען שבת פון זיין כבוד וועגען אַ לאָקשען־קוגעל און געהען אַ טענציל לעבעדיג פרעהליך שמחת־תורה צו די הקפות (ווינשפינגעריל ז. 23).

אויסער קאַבצאַנסק איז נאָך פאַראַן אַ שטאָדט ירושלים, וואו יודען ליגען בעגראָבען אין ד'רערד, טאַקי גאָר לעבעדיגע מתים וואָס פילען ניט און עס האַלט זיך זייער געביין. די שטאָדט איז אַ הייליגע, אַמאָל האָט דאָרט געשוועבעלט און גע־גריבעלט פון מלאכים און גאָט'ס שלוחים, היינט אַז זי אָבער הרוב, וויסט, אויס־שטאָדט, אויס וועלט. און פאַר יודען איז נור געבליבען אין קאַבצאַנסק, אַז דער דלות פייפט אין קאַבצאַנסק און יודען זיצען מיט פערלעגטע הענד און הויבען ניט אָן צו וויסען, ווי דעם דלות אויף אַ ווילע אבצושטופען, דערמאַהנען זיי זיך אָן אַלע די וואונדערליכע מעשות פון משיח'ס צייטען און חלומ'ן מיט לעדיגע מאָגענס פון די טעג, בשעת דער אייבערשטער וועט ווייזען זיין זיבענטען מופת און וועט אַרויסלאָזען משיח בן יוסף אַקעגען ארמילוס הרשע, וועט ווייזען זיין אַכטען מופת און צוזאַמענ־ריפען מיט געוואַלטיגע תקיעות די יודעליך, וואָס בלאָנדזען אויף אַלע עקען פון דער וועלט.

אין די זומערדיגע נעסט ליגען די קאַבצאַנסקער יודען אויסגעצויגען מיט די מחילות אַרויף ביי די טהירען פון די ענגע פערשטיקטע הייזליך און נאָרען אָב די מאָגענס מיט ווינשעניש. „פון שטענדיגען ליידען מאַנגעל אין די נויטהיגסטע בעד־דערפנישען און פון לעדיג זיצען אָהן פרנסה, האָבען זיי זיך געמאַכט אַ בעשעפטיגונג צו פערברייגגען אַ ביסיל די צייט מיט ווינשענישען (ווינשפ. ז. 51). קאַבצאַנסקער יודען ווינשען זיך אַזוי פיעל געלד, וויפיעל דער ים אוקיונוס האָט זאַמדעליך ביי די ברעגעס, קוקענדיג אויף די שטערענדליך, ווינשעווען זיי זיך אַזוי פיעל קערבליך, ווי־פיעל שטערען עס איז דאָ אויפ'ן הימעל. מען ווינשט זיך אַ העלפט פון ראָטהשילדס גבירות, אַ טהייל פון קורח'ס פערמעגען א.ז.וו.

נאָר ניט דערמיט אַליין שטילט איין דער יוד זיין ברענענדיגען הונגער. ביי אַ בלאַט גמרא פערגעסט ער אָן זיין טרויריג לעבען, ביי אַ שטיקיל זוהר צופלאַמט זיך זיין פאַנטאַזיע, און די אַלטע מוסר ספרים לערנען איהם אויס צו ליידען און שווייגען.

אין „ווינשפינגעריל" זעהען מיר די געוואַלטיגע לינדערנדע קראַפט פון אונזער אַלטען גייסטיגען עָבר. דאָס קאָכענדיגע לעבען פון דער הֲלָכָה אין דער גְמָרָא פערהאַפט דאָס קינדישע געמיטה פון אַ משה'לען, ווי דאָס הארץ פון טויזענדער חברים זיינע, די פאָעזיע פון אגדתא אין די מדרשו'ת טראַגען אַריין בלומען און ליכטיגע בילדער אין לעב־בען פון אַ הערשעלען, ווי פון טויזענדער זיינס גלייכען. און אַז ר' אברהם בעהאַלט זיך

פֿון זיינע צרות אין בית־המדרש און פֿערטיעפֿט זיך אין זהר, דאכט זיך איהם אויס, „אז דאָס איז ניט אַ ספר, נאָר אַ פֿייער־שפּייעדיגער בארג פֿון הייליגער ריינער ליעבשאפֿט, אז דאָרט וועגען זיך מִשַׁדֵךְ די ערד מיט'ן הימעל; מַלְאָכִים שְׂרָפִים מישען זיך אויס אין איינעם מיט דעם מענשען און גיבען, קושענדיג זיך, איינער דעם אנדערען איבער געט־ליכע געפֿיהלען (ווינשפּ. ז. 84).

אזעליכע וואָך ענדיגט זיך ביים קאבצאנסקער יודען מיט אַ שבת, מיט דעם טאָג, בעת דער הונטישער יוד, הונטיש פֿון פרנסה־זוכען ווערט פֿערוואנדעלט אין אַ בן מֶלֶךְ, קריגט אַ נְשָׁמָה יְתֵרָה, אַ לויטערען גייסט און גלייכט אויס זיין איינגעבויגענעם רוקען. אַ יַם פֿון פֿערשיעדענע געפֿיהלען לעבט דורך דער יוד פֿון פֿרייטאָג צו נאכט, בעגלייט פֿון מַלְאֲכֵי הַשָּׁרֵת ביז שבת־צו־נאַכט, בעת ער זינגט מיט אַ געדריקט הארץ די מעשה פֿון הסדי'ל, וואָס אליהו הנביא האָט איהם ארויסגעראטעוועט פֿון נויטה. אין קיינער נאָך היינע האָט אונז ניט אזוי גוט געגעבען צו פֿיהלען אלע די שִׁנוּיִים, וואָס שפּיעלען זיך אָב שבת ביי אַ יודען אין הארץ, ווי ש. י. אבראמאוויץ. נאָך מעהר. אבראמאוויץ איז פֿיעל טיעפֿער איינגעדרונגען אין די יודישע שבת'דיגע נשמה יתרה, ער האָט זי אונז געוויזען אין דריי צייטען: ביי נאַכט, ביי טאָג און ביי מוצאי שבת (ווינשפּ. ז. 107–111).

בשעת עס קומט די סליחות צייט בעוויזט זיך דער יודישער סאלאָוויטשיק אין קאבצאנסק, ער קומט אין געשטאלט פֿון אַ בעל־תפלה, און וועקט ביים קאבצאנסקער יודען געפֿיהלען פֿון ליעבשאַפֿט מיט דעם וואונדערשענעם „אַתָּה זוֹכֵר" און מיט די זיסע ליעבליכע ווערטער פֿון די הייליגע נביאות. און דעם יודענס ליעבשאפֿט האָט עפּיס אַ וואונדערליך כאראקטער, זי איז דורכגעזאַפּט מיט רחמנות, און זיין גאָט זעהט ביי איהם אין סליחות צייט אויס ווי הערשעלעס טאטע, בעת הערשעלע איז קראנק געוועז. הער־שעלעס טאטע, וועלכער איז אין דער היים אַ אמת'ער האָהן און שיינט תמיד צו זאָגען: תרבות, שקצים, ווייסט ווער עלטער איז! איז גאַר געוואָרען אַ אנדערער, בעת הערשעלע איז קראנק געוואָרען: ער האָט זיין קינד געלעגט, געטאַפּט איהם ביים שטערען, איינ־גענומען מיט גוטע רעד און צוגעזאָגט שענע שפּיעלכעליך. בשעת דער בעל תפלה צור־ניסט זיך מיט זיין „הַבֵן יַקִיר לִי אֶפְרַיִם", קלינגט אין זיין נגון אַ דאָפּעלטער רחמנות־געפֿיהל: צו דעם אונגליקליכען אפרים און צו דעם אויבערשטען, וואָס דערמאָהנענדיג זיך אָן דעם „יֶלֶד שַׁעֲשׁוּעִים" „הָמוּ מֵעַי לוֹ", קעהרט זיך איהם איבער דאָס הארץ.

דער יודישער סאלאָוויטשיק, וואָס איז ווי אַ שליח צבור מחויב איבערצוגעבען די געפֿיהלען פֿון די שיקערס, האָט זיך אויסגעאַרבעט טיעפֿטרויריגע נגונים, און וועלכע עס הערט זיך ניט קיין קראַפֿט, קיין קול פֿון אַ פאלק אַ גבור, נאָר אַ אייביג קלאָגען זיך, אַ ציטעריג געבעט, אַ יאָמערען פֿון אַ פֿערוואהרלאָזט קינד צו אַ שטרענגען ליעבהאר־ציגען טאטען. דער יודישער סאלאָוויטשיק רייסט אַרויס טרעהרען פֿון דעם יודענס אויגען. „דער יוד מאכט דעמאָלט פּיסקעליך ווי אַ קינד, עס וויינט אין איהם דאָס הערצעלע און פּיסטעט זיך: אוי טאטעניו, הייליג, ליעבהארציג געטריי פֿאָטער'ל!" (ווינשפּ. ז. 59).

ניט דאָ איז דער אָרט אויסצושעפּען אַלע אוצרות, וואָס ליגען צושפּרייט אין ווינשפּינגעריל פֿאַרענט און צווישען דעם ניט דערענדיגטען ספר המעשה. בכלל זעהען מיר אין „ווינשפּינגעריל" אַ עֲדָה יודען, וואָס לעבט ווי אַ עַם כֹּהֲנִים, דורכדרונגען פֿון אַ

אלטער אמונה, פֿון א אלטער רעליגיעזער קולטור. צווישען די לעבער פֿון זייער גשמי׳שען לעבען טרעטען אַרויס די צאַרטע גליעדער פֿון א פֿערהאַלטענעם בֶּן מלך, אָדער נאָך בעסער פֿון אַ פֿערטריבענעם כהן־גדול וואָס מען האָט איהם פֿערקויפֿט פֿאַר א שקלאַפֿען. די עבודות און זיין הייכער גַוע מישען זיך אויס אין איין מענשען, און דער קאַבצאַנסקער יוד בעשאַפֿט אַזא מין זאַך ווי א וואָכ ע נ ד י ג ע ן דאַווענען (ווינשפ. ז. 112-111), בעשאַפֿט אַזוינע לעבענס מנהגים און לעבענס פֿאָרמען, וואָס זענען הורכגעזאַפּט פֿון טויזענדער אינערליכע סתירות און צווינגען דעם פּאַעטען, וואָס קוקט זיך צו צו זיי, צו לאַכען און וויינען אינאיינעם.

סיי אין „פישקען״, ווי אין „ווינשפינגעריל״ קומען פֿאַר ערטער, וואָס שילדערען די הנהגות ווי די גשמיות פֿון דער יודישער עדה. דער וואָס וויל זיך פֿערטיעפֿען אין איינע פֿון די ביידע זייטען, טאָר די ביכער איינס פֿון דעם אנדערען ניט אָבשיידען. איין בוך איז ממלא דאָס אנדערע.

(ענדע קומט)

# דאס פּפּרה־הויגדיל.

ער־צעהלונג אויס דעם יודישען לעבען אין מאַראָקאָ.

פון

## האַל קען.

---

### XVII.

— באַשאַ! האָט ישראל געזאָגט פּאַמעליך און רוהיג — באַשאַ, דו מוזט דיר זוכען א אַנדערען צו דיין בעפעהל, מיין האַנד וועט קיינמאָל די התימה נישט צו־לעגען אויף דעם וואָס דו פערלאַנגסט איצט.

— שאַ! האָט בן־אבו געשריען — דיין ניי רחמנות לאָזט דיך שוין נישט אב? וואָס? צי בין איך קיין קאַיד נישט? צי קען איך דיך נישט מאַכען פאַר א קאַליף?

אויף ישראל'ס בלאַס און מיעד פּנים האָבען די אויגען געב־ענט ווי אַ פּלאַם.

— באַשאַ! — האָט ער אָנגעהויבען פּאַמעליך און רוהיג — ווען דו וואָלסט אפילו געוועזען אַ סולטאַן און דו וואָלסט מיך געקענט מאַכען פאַר א וועזיר (שני למלך), וואָלט איך דעם בעפעהל נישט געהאָרכט.

— פאַרוואָס? — האָט בן־אבו געשריען — פאַרוואָס? פאַרוואָס?

דערפאַר — האָט ישראל געענטפערט — ווייל איך בין איצט געקומען, אום אבצוגעבען דיין התימה!

— דו? רחמנות דיגער גאָט! — האָט בן־אבו אַרויסגעשריען.

— איך בין געקומען — האָט ישראל ווייטער רוהיג געזאָגט — אום זיך אבצוזאגען פון דער שטעל.

— זיך אבצוזאָגען פון דער שטעל? מיר אבצוגעבען די התימה? האָט בן־אבו געשריען — דו ביסט משוגע געוואָרען? וואָס?

— ניין, באַשאַ! — האָט ישראל רוהיג געענטפערט — נישט היינט, נאָר פאַר פינף און צוואַנציג יאָהר, בשעת איך בין דאָס ערשטע מאָל געקומען צו דיר — דאַמאָלס בין איך משוגע געוועזען.

בן־אבו האָט געביסען זיינע ליפען און טרויריג די ברעהמען אַראָבגעלאָזט. ווילענדיג מיט זידלעריי ישראל'ן שטיל מאַכען. נאָר אין דער רגע איז איהם פּלוצלינג

איינגעפּאַלען אַ נייער שרעקליכער געדאַנק. ציטערענדיג פון כעס און מורמלענדיג קורצע תפילות, איז ער געלאָפען ארויף און אַראַב.

— דא מוז זיין עפּיס אַ סוד! האָט ער געשריען — עפּיס אַ סוד מוז דאַ זיין! נאר וואָס? וואַרט! איך וועל אַביסיל קלערען! איך וועל וויסען!

באַלד האָט זיך טאַקי בן־אבו אויף זיין אופן דאָס רעטעניש ערקלערט.

— וואַרט! — האָט ער געשריען אומקוקענדיג זיך אויף אַלע, וואָס זענען דאָרט געוועזען — וועד האָט געזאָגט בשעת ישראל איז ניט געוועזען אין טעטוען, אַז ער איז געפּאָהרען קיין פעץ? דאַמאָלס איז דער סולטאַן געוועזען אין פעץ. — אָ, איך האָב דאָך דערפון געוואוסט. — ער איז אַזוי ווי אלע אַנדערע! עבד־ער־רהמן האָט איהם איבערגעקויפט: אללאה! אללאה! וואָס האָב איך אַזוינס געטהון, אַז אַלע וואָס עסען מיין ברויט, זענען מיר אונטריי פאַלש?

בן־אבו איז זעהר צופריעדען געוועזען פון דעם. וואָס ער האָט זיך אַזוי גוט ערקלעהרט ישראל'ס אויפפיהרונג און גישט וואַרטענדיג אויף ווייטערע ראיות, האָט ער מיט אַ ווילדען כעס אנגעהויבען צו שרייען.

— אָ, רחמנות'דיגער גאָט! אָ, בעשעפער! און ווידער עבד־ער־רהמן! אללאה! אללאה! זיינע גנבים, רוצחים, גזלנים! דער אויפגעבלאָזענער וועזיר! דער שענדליבער נאיב! אהה, איך קען זיי אַלע גוט! זיי ווילען מיך בערויבען! זיי ווילען מיר מיין קליין פערמעגען צונעהמען — מיין פערמעגען וואָס איך האָב אַזוי לאַנג געזאַמעלט און איז מיר אַזוי שווער געקומען! אַ קללה אויף זייערע משפחות! אָ, באַרמהערציגער! זיי וועלען זאָגען, אַז דאָס איז מיר געבליבען פון מס! אבער ניין, איך שווער מיט מיין פאָטערס באָרד, ניין! זיי וועלען פון מיר גאָר ניט בעקומען. גאָר נישט. זאָלען זיי מיך אפילו הרג'ענען! איך בין אַ אַלטער, זעלנער, זאָלען זיי מיך מאַטערן, יסורים אָנטהון, איך וועל מיך ניט אונטערגעבען! אללאה! אללאה! פאַר וואָס האָט מיך עבד־ער־רהמן פיינד? ווייל איך בין זיין ברודער! דערפאַר, דערפאַר! איך האָב דאָך אבער נעגען איהם קיינמאָל נישט מורד געוועזען! קיינמאָל נישט! קיינמאָל נישט! איך האָב איהם געצאָהלט! איך האָב אַלס געצאָהלט! איך זאָג אייך אַז איך האָב אַליץ געצאָהלט! מיר האָב איך גאָר נישט בעהאַלטען! דו אַליין ווייסט דאָס אַליץ זעהר גוט! — האָט ער געשריען ווענדענדיג זיך צו ישראל'ן.

אין טויט־שרעק האָט ער געוויינט, געבעטען, זיך געוואָרפען, געשאָלטען. ענדליך האָט ער זיך געשטעלט געגען ישראל'ן און געקוקט אויף איהם מיט געבעט.

— באַשאַ! — האָט ישראל געזאָגט רוהיג — האָב קיין מורא; איך בין נישט איבערגעקויפט געוואָרען פון עבד־ער־רהמן. איך בין טאַקי געוועזען אין פעץ, אבער נישט ביי דעם סולטאַן. איך האָב איהם קיינמאָל נישט געזעהען און זיין שפּיאָן בין איך נישט. ער ווייס נישט פון מיר, איך ווייס נישט פון איהם. דאָס וואָס איך טהו איצט, טהו איך פון זיך זעלבסט.

בן־אבו האָט גלייך געגלויבט ישראל'ן. ער האָט געוואוסט, אַז ישראל האָט איהם קיין ליגען קיינמאָל נישט געזאָגט. ווילענדיג ווייזען, אַז ער האָט קיין מורא נישט, האָט ער זיך הויך צולאַכט און לצנות געמאַכט פון זיינע אייגענע ווערטער.

דאָך ווען ער האָט דערזעהען, אַז ער האָט שוין נישט פּאַרוואָס מורא צו האָבען, איז ער אַרויס אויף ישראל'ן מיט אַ שרעקליכען כעס.

— דו האָסט געמוזט אַ גרויס פּערמעגען מאַכען — האָט ער מיט ביטערן שמייכעל געזאָגט צו ישראל'ן — אַז יעצט ברויכסט דו שוין מעהר נישט.

— איך האָב קיין פּערמעגען נישט — האָט ישראל קורץ געענטפּערט.

בן־אבו האָט זיך ווידער צולאַכט און געקוקט אויף עקאַטערינא'ן.

— נו, גוט! — האָט ער אנגעהויבען קרימענדיג זיינע אויפגעבלאָזענע ליפּען

— ווי האָסטו בדעה צו לעבען אָהן פּערמעגען אין אַהן אַ שטעלע?

— ווי אַ אָרימאַן צווישען אָרימעלייט. איך וועל דיענען גאָט און מיך פּער־לאָזען אויף זיין חסד! האָט ישראל געענטפּערט.

בן־אבו האָט זיך ווידער הייזעריג צולאַכט. עקאַטערינא האָט אויך געלאַכט נאָר ישראל איז ווייטער געבליבען רוהיג און שטיל.

— פון גאָטס דיענסט קען מען קיין ברויט נישט האָבען, — האָט בן־אבו געזאָגט.

— אַז מען דיענט דעם טייוועל, האָט מען אַ קללה!—האָט ישראל געענטפּערט.

— ער האט די ווערטער אויסגערעדט אָהן אַ תנועה, אהן אַ בליק און דאָך איז דעם קאַדי'ס פּנים פּלוצלינג בלאַס און ווי פּערשטיינערט געוואָרען.

— אללאה! וואָס מיינסטו דערמיט? — האט ער געשריען — ווער ביסטו וואס דו שטעהסט דיך אונטער מיט מיר אַזוי צו רעדען?

— איך בין דיין כפרה־היהנדיל, באַשא — האט ישראל רוהיג געענטפּערט — דיין כפרה־היהנדיל. אַ כפרה פּאַר דיינע זינד. דיין כפרה־היהנדעל, וואס טראָגט אויף זיך דיינע זינד געגען אָרימע לייט, וואס דו דריקסט זיי. טהוסט זיי אָן יסורים, ברענגסט אויף זיי אַ מפּלה, דעם טויט. דאס בין איך, באַשא, דאס בין איך אַ לאַנגע צייט געוועזען דיין כפרה. און בשעת דאס פאָלק אין די גאַסען שפּייעט אויף מיר, שילט און זידעלט מיך, זיצסט דו רוהיג אין דיין פּאַלאַץ, האסט דיר דיין פערגניגען און דיינע אונטערטעהניגער האבען דיך ליעב.

בן־אבו איז צוגעפאַלען צו ישראל, ווי אַ משוגע'נער. און די אויגען האבען איהם געבלאַנקט ווי די אויגען פון אַ ביינער חיה. זיינע שוואַרצע באַקען האבען זיך איהם צוזאַמענגעצויגען, די קליינע אויגען האָבען ווילד געבלאַנקט, די אויפגעבלאָזענע ליפּען האבען שרעקליך געציטערט און פון אונטער דעם טורבאַן זענען איהם אַראָב־געפאַלען לאָקען גרויסע האָר.

ישראל'ן האָט דאָס אַלעס נישט דערשראָקען. גאַנץ רוהיג האט ער געקוקט דעם צובייזערטען אכזר אין די אויגען און האט ווייטער געזאָגט:

— באַשא, איך בין דיך נישט מקנא, נאָר אַ שותפות מיט דיר, אין דיין בעד־שעפּטיגונג און אין דיין גורל — וויל איך נישט האָבען. איך וויל מעהר נישט זיין דיין כפּרה־היהנדיל, דא האסט דו דיין התימה. זי איז רויט פון דיינע אָרימע אונטער־טהעניגערס בלוט. וואס איז פּערגאָסען געוואָרען אין די שרעקליכע פינף און צוואַנציג יאָהר. איך וויל די חתימה מעהר נישט האַלטען. נעם זי צו דיר.

... מיט שרעקליכען. כעס האט בן־אבו איהם ארויסגעריסען פון דער האַנד די התימה און זי א ווארף געטוהן אויף דער ערד.

— נאַר! — האט ער א געשריי געטהון — בכן מיינסט דו נור דאס? אללאה! רחמנות׳דיגער גאט! און ווער וואלט דאס געגלויבט? ישראל בן עליאל איז געווארען א נביא! אַ נביא פאַר ארימע! א בארמהערציגער! א רחמנות׳דיגער!

בן־אבו האט זיך געווארפען, פון מויל איז איהם שוים געגאַנגען און האט ווייטער געשריען:

— ווער זאגט, אַז איך האב גערעדט אויף דעם סולטאַן? אויף עבר־ער־רחמן? איך האב נור אין זינען געהאַט מחמד׳ן פון מאקינעץ, מחמד׳ן דעם דריטען, פון איהם, האב איך גערעדט, פון איהם!

אין כעס האט ער גאר פערגעסען, אַז ער האט אויך מאהדי׳ן חושד געוועזען אַז ער איז דעם סולטאנס שפיאָן און ער איז ארומגעלאפען ווי א חיה, וואס איז פערשפארט אין שטייג.

— בין איך יאָ אַ אכזר — האָט ער געשריען — ווער האָט דאָס געמאַכט, אַז איך זאָל זיין אזא אַכזר? אויב איך דריק יאָ אָרימע, ווער האָט מיר דעם וועג געוויזען? וועמענס קאָפּ האָט אויסגעקלערט נייע קוועלען פון הכנסות? צי האָב איך געוואוסט פון דעם אלעם, פון פאלשע משפטים? אללאַה! וועד האָט ער־פונדען די אַלע נייע הכנסות? דו אַליין, נור דו, ישראל בן עליאל! ביי׳ם נביא׳ס באָרד שווער איך!

ישראל האָט אויסגעהערט דאָס אלעס שטעהענדיג שטיל, רוהיג און דערנאָך האָט ער טרויריג געענטפערט:

— נאָטס וועגען זענען נישט אונזערע וועגען, און זיינע געדאנקען, זענען נישט אונזערע געדאנקען. ער האָט זיין רצון, און מיר טהון וואס זיין רצון איז. און ווען איך האָב געמיינט, אז נאָטס משפט איז שוין נישט פאָרהאנען, האָט נאטס משפט מיך דערגרייכט: פאַר די עֲוָלות, וואָס איך האָב ארימעלייט געטהון, האָב איך געלי־טען און איך לייד נאָך היינט.

די גאַנצע צייט, וואס ישראל האט גערעדט, איז עקטאַרינא געזעסען מיט בלייכע ליפען און שטארק זיך געפאַכט מיט איהר פעכער. געאַטהעמט האט זי שווער און איהרע אברים האָבען איהר געציטערט. ווען ישראל האָט געענדיגט, האָט זי זיך הויך צולאכט און מיט ליצנות געזאָגט:

אָה! דיין רחמנות אויף אָרימע־לייט איז נאָך זעהר יונג! עס האָט נאָך אַפילו קיין ציהן נישט! עס לינט נאָך אין די ווינדלען! ווען איז עס געבוירען געוואָרען?

— ווען דו ביסט אָנגעקומען — האָט ישראל געענטפערט קוקענדיג אויף איהר ערנסט.

עקאַטערינא האָט אויפגעהערט ליצנות צו מאַכען און איז בייז געוואָרען.

— מיין מאַן! — האָט זי געשריען — אצינד זעהסט דו שוין אַליין, אַז איך בין געווען גערעכט מיט אַלעס, וואָס איך האָב געזאָגט אויפ׳ן אַלטען עזות־פנים׳ניק. פון דער ערשטער מינוט אַן האב איך דיר געזאָגט, אַז עס וועט זיך אַזוי ענדיגען.

נאר דו ביסט געוועזען איינגעשפאַרט, מיך נישט געוואָלט הערען. עס איז נישט שווער געוועזען צו זעהען, אַז א שלעכטער רוח זיצט אין איהם. דו האָסט אָבער נישט געוואָלט גלויבען מיר, נור איהם. דו ביסט א נאַר, א נאַר און אַצינד גלויבסט דו אויך, וואָס ער זאָגט דיר. איך זאָג דיר נאָך אַמאָל, אז ער וויל אויף דיין קאָרק אַרויפלעגען זיין פוס ; היט דיך! ער וועט נאָך בלייבען דער הערשער פון טעטוען !

מיט אַ ווילד געלעכטער, האָט זי זיך געווענדט צו די זעלנער. וואָס זענען פון דער ווייטענס געשטאַנען שטיל און ערשטוינט :

— אראַבער, מוירען, קריסטען ! — האָט זי געשריען — ווי עהרליך איהר זאָלט ניט ריענען אייער באשא, וועט איהר זיך אויך מוזען אונטערבויגען אונטער דעם יוד׳ס פיס !

אַ געמורמעל מיט שנאה האָט זיך געהערט פון אַלע זייטען און דעם קאַיד׳ס פנים האָט זיך ווידער אויסגעקרומט מיט א שרעקליך געלעכטער.

— דו ביסט גערעכט — האָט ער אַ געשריי געטהון צו עקאַטערינאַ׳ן — דו ביסט גערעכט ! אללאה ! אללאה ! אזא הונד ! איך האָב איהם פון דער בלאָטע אַרויסגעשלעפט. ער איז געוועזען א בעטלער און איך האָב איהם געגעבען א פערמעגען. אזא גנב, אזא גזלן ! איך האָב איהם געגעבען געלד און כבוד : ווען ער איז געבליבען אָהן אַ הויז, האָב איך איהם געגעבען א דירה. ווען ער האָט קיין דיענסט נישט געהאַט, האָב איך איהם שקלאַפינען געגעבען. זיינע שונאים האָב איך פעריאָגט, זיינע פיינד האָב איך אין דער תפיסה אַריינגעזעצט. און ווען זיין ווייב איז געשטאָרבען און קיינער האָט נישט געוואָלט צו איהם אַריינגעהן, וואָלט ער מיט זיינע אייגענע הענד געמוזט איהר א קבר גראָבען, האָב איך איהם געשיקט פון דער תפיסה־מענשען, וועלכע איך האָב דערנאָך בעפרייט. אזוי פיעל יאָהר האָב איך איהם אזוי פיעל חסדים געטהון. אללאה ! איך בין זיין הערר? זיין משרת בין איך געוועזען און איך האָב איהם אַלץ געפאָלגט, און היינט. פאַר וואָס ? דו אונדאַנקבאַר׳ער ! — האָט ער געשריען און די שוים האָט זיך איהם געגאָסען פון מויל — דו אונדאַנקבאַרער, אויב דו האָסט מיר געוואָלט די התימה אָבגעבען, האָסט דו דען געדאַרפט זיך בעגעהן, אַזוי ווי אַ משוגע׳נער? דו האָסט דאָך געקענט קומען צו מיר און זאָגען : באשא, איך בין אַלט און מיער, פערמעגען האָב איך גענוג, געדיענט האָב איך דיר לאַנג און עהרליך, בכן ערלויב מיר רוהע צו האָבען ! פאַר וואָס נישט ? איך פרעג דיך, פאַר וואָס נישט ?

— דערפאַר, באשא, ווייל דאָס וואָלט געוועזען אַ ליגען — האָט ישראל רוהיג געענטפערט.

עס וואָלט געוועזען א ליגען — האָט בן־אבו געשריען — דו ביסט גערעכט, דאָס וואָלט געוועזען א ליגען, א פערשאָלטענער ליגען! אָבער פאַר וואָס האָסט דו געמוזט קומען צו מיר און זאָגען; באשא, דו ביסט א אכזר און מיך האָסט דו אויך געמאַכט פאַר אַ אכזר. דו האָסט דאָס בלוט פון דיין פאָלק פערגאָסען און מיך האָסט דו געהייסען זיך בעשמוצען מיט דעם בלוט !

— דערפאַר, באשא, ווייל דאָס איז אמת — האָט ישראל געזאָגט.

בן־אבו האָט אַ שפרונג געטהון פון אָרט און זיין שוואַרץ פנים האָט שרעקליך אויסגעזעהן, ציטערענדיג פון כעס האָט ער מיט דער האנד געוויזען אויף א וואַנד און געשריען:

— עפּיס אנדערש איז אויך אמת, אמת איז, אז אויף דער צווייטער זייט פון דער וואַנד איז פאַרהאַן א תפיסה.

— און צי ווייסט דו — האָט ער זעהר הויך געשריען — אז דו, ישראל בן עליאל, וועסט באלד דאָרט זיין? נאָך איין טריט...

נאר אין דערזעלבער מינוט האָט ישראל א קוק געטהון אויף בן־אבו'ן און ער האָט געמוזט אויפהערען צו שרייען, אַ, ווען ער וואלט געקענט ישראל'ן דערבייזערן! ישראל'ס רוהיגקייט, זיין קאַלטבלוטיגקייט האט אָבער ווי געלאַכט פון בן־אבו'ן און זיין כעס.

ישראל האָט באמת טאַקי בדעה געהאַט צו ענטפערן אויף דעם, וואָס בן־אבו האָט איהם געזידעלט. דאָס ער איז אונדאנקבאר, דער געמיינער משרת, וואָס איז אין כעס און שרעקט, דער וויינענדינער דערשראָקענער מענש, וואָס וויינט און שרייט פון כעס און זידעלט איהם, איז געוועזען אזוי פיעל יאָהר זיין הערר. איהם האָט ער מקריב געוועזען זיין בלוט און זיין בעסטען שכל, און ווען נישט זיין הילף, ווען נישט זיין שטאַרקע האנד, זיין קאלטבלוטיגקייט, וואָס וואלט דער באשא היינט געוועזען? ער וואָלט שוין לאנג פון דעם סולטאַן בעקומען א זיידענע שנור, אָדער ער וואָלט גע־פוילט אין עבד־ער־רחמנ'ס תפיסה. ישראל זעהט איהם דאָרט אין זיינע געדאַנקען, ווי ער איז אויסגעדארט, אויסגעהונגערט מיט אויסגעשטאָכענע אויגען, און א דאנק ישראל'ס מיה, איז ער דאָ, אויף זיין שטוהל, ער הערשט און האָט פערגניגען! און עהרליכע, אונשולדיגע מענשען קומען אום אין די תפיסות. פערהונגערטע קינדער ליגען בעגראָבען, און ער אַליין, ישראל, זיין משרת, זיין כפרה־היהנדיל, וועלכענס מוה ער האָט אויסגעטרוקענט. וועלכענס בלוט ער האָט אויסגעזויגט, שטעהט פאַר איהם, ווי א אלטער לייב, וואָס איז פערבלאָנזיעט געוואָרען און זיינע קינדער האָבען איהם געמוזט דעם ריכטיגען וועג ווייזען.

צו וואָס אָבער זאָל ער דאָס אַלעס זאָגען? איין וואָרט וואָלט אויך גענוג געוועזען דעם אַכזר שטיל צו מאַכען, אָבער צו וואָס זאל ער דאס ווארט ארויסרעדען? גישט איינמאל האט ער דעם גראבען יונג, בן־אבו'ן, וואס קען נישט שרייבען, נישט לעזען, נישט רעכנען אָבגעהיט פון שטראָף. ער וואלט איהם דאס אַלעס געקענט אויסרעכנען; אבער צו וואס טויג דאס? פינף און צוואנציג שרעקליכע יאהר האט ער געאַרבייט אויף זיין גליק; אבער צו וואס זאל ער דאס דערמאנען? ער האט דאס וויניגע אבגעזאגט און א סוף, עס איז איהם אודאי אויפגעלעגט געוועזען צו ליידען די אלע ולזולים. מוטה, מוטה כוז ער אצינד האבען!

(פאָרטזעצונג קומט).

ע. פּ.

# גרויסע קראָמען.

די קאָנקורענץ איז פול אין אלע זייטען פון לעבען, די קאָנקורענץ װערט װאָס װייטער אלץ גרעסער און מאַכט דאס לעבען פאר דעם שװאַכערען און אָרימערען אלץ שװערער. אויך אין דעם קליינהאַנדעל װערט װאָס װייטער אלץ שטארקער די קאָנקורענץ פון גרויסע קראָמען, װעלכע פערקויפען זייערע סחורה אויף העקער און א סך װעלװעלער פאר די קליינע קראָמען, דער אנגלניק קאָנקורירט געװעהנליך װעניג מיט דעם קליינעם קרעמער, װייל ער פערקויפט זעלטען אויף העקער, און װען ער טהוט דאָס יא, פערקויפט ער די סחורה געװעהנליך לויט דעמזעלבען מקח, װי עס פערקויפט זי דער קליינער קרעמער.

אַנדערש זענען אָבער די גרויסע קראָמען, װאָס פערקויפען נור אויף העקער און װאָס זענען בעקאַנט אונטער דעם נאָמען „װעלט־מאַגאַזינען". דאָס זענען קראָמען, אין װעלכע עס געפינען זיך אלע מינים סחורות, אין די „װעלט מאַגאַזינען" געפינט איהר צוזאַמען מיט עסענװאַרג אויך קליידער, מעביל, גאַלאַנטערי־סחורות, װעש, געשיר און קאָלאָניאַל־סחורות. אַזינע קראָמען זענען געגרינדעט געװאָרען מיט גרויסע קאַ־פיטאַלען, װאָס דערגרייכען אָפט גאנצע מיליאָנען, און זיי קענען דעריבער גרינג גובר זיין די קאָנקורענץ פון דעם קליינעם און מיטעלען קרעמער.

די ערשטע װעלט־מאַגאַזינען זענען געעפענט געװאָרען אין פראַנקרייך. די גרעסטע פון זיי זענען די פאַריזער געשעפטען „באָן מאַרשע" און „לוּװר". דאָס ערשטע גע־שעפט איז געגרינדעט געװאָרען פון א אַקציען־געזעלשאַפט מיט א קאַפיטאַל פון 20 מיליאָן פראנק. דער אומזאַץ פון „באָן מאַרשע" װערט פון יאָהר צו יאָהר אלץ גרעסער.

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| אין יאָהר | 1872 | איז זיין | אומזאַץ | געװען | 25 | מיליאָן פראנק |
| — — | 1877 | „ | „ | „ | 95 | — — |
| — — | 1884 | „ | „ | „ | 100 | — — |
| — — | 1887 | „ | „ | „ | 118 | — — |
| — — | 1889 | „ | „ | „ | 134 | — — |

עס פערשטעהט זיך, אז אַזא געשעפט דאַרף בעדיענט װערען פון זעהר פיעל מענשען, און „באָן מאַרשע" האָט טאַקי 4000 משרתים.

די בעריהמטע קראָם לוּװר איז אויך געגרינדעט געװאָרען פון א אַקציען־געזעל־שאַפט מיט א קאַפיטאַל פון 22 מיליאָן פראַנק. דער אומזאַץ פון לוּװר האָט אין 1889־סטען יאָהר דערגרייכט 135 מיליאָן פראַנק.

פּאַריז איז ניט געבליבען אַליין מיט איהרע וועלט־מאַגאַזינען. די גרויסע פּער־דינסטען פון די וועלט־מאַגאַזינען אין פּאַריז האָבען אַרויסגערופען אַזוינע געשעפטען אויך אין אַנדערע גרויסע שטעדט. אין לאָנדאָן איז בעריהמט דאָס גרויסע וועלט־מאַגאַזין „היטליי" מיט 5000 משרתים, פילאדעלפיא אין אַמעריקא איז בעקאַנט מיט איהר וועלט־מאַגאזין, וואָס האָט 3,800 משרתים, און אין בערלין איז בעריהמט דאָס גרויסע געשעפט פון דער פירמא ווערטהיים אויף דער לייפּציגער גאַס.

די גרויסע וועלט־מאַגאַזינען, וועלכע פיהרען זייערע געשעפטען אויף מיליאָנען יעהרליך, קריגען זייער סחורה אַסך ווּלוועלער פאר די קליינע קרעמערס. זיי שטעה־ען אַליין אין פערבינדונג מיט די פאַבריקאנטען, פין וואַנען זיי נעהמען זייערע סחורות. פיעל וואַרשטאַטען אין פאבריקען ארבייטען נור פאר זיי, זיי האָבען אויך אייגענע אַגענטען אין די ווייטעסטע לענדער, וועלכע שטעלען זיי צו גלייך יעדע מין סחורה.

ביים פאבריקאנט האָבען זיי גרעסערע פּראָצענטען. דאָס ברייגגען די סחורה אין גרויסע טראנספּאָרטען מאַכט זיי אויס ביליגער. די פערדינסטען פון די פיעל פערמיט־לער, וועלכע שטעהען צווישען דעם פאַבריקאנט און דעם קרעמער, פאַלען אריין ביי זיי אין די קעשענעס, און אויף אזא אופּ'ן קריגען די גרויסע וועלט־קראָמען זייערע סחורות פיעל וועלוועלער, ווי די קליינע קראָמען מיט די קליינע אגולנעס.

חוץ דעם, וואָס די גרויסע וועלט־קראמען קענען ביליגער פערקויפען זייער סחורה. ציהען זיי נאָך צו דעם קונה דערמיט, דאָס זיי האָבען פון יעדער סחורה אַ סך מעהר מינים ווי די קליינע קראָמען. די מקחים זענען אין אַזוינע קראָמען תמיד פעסטע, די געקויפטע סחורה ווערט צוגעשטעלט אהיים, און דאָס זענען געוויס אויך וויכטיגע סבות, פאַר וואָס מען קויפט ביי זיי פיעל ליעבער ווי אין אַנדערע קראָמען.

די גרויסע קראָמען קענען אויך מעהר אויסגעבען אויף מודעות, זיי קענען אויך מעהר אויספוצען זייער געשעפט, און דאָס שפּיעלט געוויס אין דער צוציהונג פון קונים ניט קיין קליינע ראָליע.

די קאָנקורענץ פון די וועלט־מאַגאַזינען הרג'ט אַוועק פיעל קליינע קראָמען. ווי ריעזען שלינגען זיי אריין די קליינע קראָמען, וואָס געפינען זיך אין זייער שכנות. איינער האָט אויסגערעכענט, אַז די פאַריזער קראָם באָן מאַרשע אַליין האָט אַרויס־געשטופּט פון 15 ביז 18 הונדערט קליינע קראָמען. דורך די קאָנקורענץ פון די גרויסע פּאַריזער וועלט־קראָמען באנקראטירען יעהרליך אין זייער שכנות אַ פּאָר הונדערט קראָמען. דאַסזעלבע איז אויך אין לאָנדאָן און אין בערלין.

עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, אַז עס איז ענטשטאַנען אימעטום אַ שטאַרקע בעוועגונג געגען די גרויסע קראָמען. אין פראַנקרייך איז געגרינדעט געוואָרען אַ בעזונדער חברה מלחמה צו האַלטען געגען די וועלט־קראָמען. אין די דאָזיגע חברה האָבען גאָר אין אַ קורצע צייט זיך איינגעשריבען טויזענדער חברים. די חברה האָט אין אייגענע צייטונג און זי פערלאַנגט, אַז די רעגירונג זאָל דורך גרעסערע אבצאָה־לונגען אויף די גרויסע קראָמען קומען צו הילף דעם קליינעם הענדלער. די אַגיטאַציע פון די קליינע קרעמער איז ניט געווען אומזיסט. אין 1889־סטען יאָהר האָט די פראנצויזישע רעגירונג געהעכערט דעם אבצאהל אויף פאַטענטען אין די גרויסע קראָמען.

דאס דאזינע געזעץ האט בעשטימט, אז דער אבצאהל פון מאגאזין ווערט פערדאפעלט, ווען די צאהל פון משרתים דערגרייכט 209, און פערדרייפאכט, ווען זייער צאהל שטייגט אריבער 1000 מענשען. לויט דעם דאזינען געזעץ דארף די קראם צאהלען פאר יעדען משרת, וואס זי האט אונטער 200 צו 25 פראנק, פון איבער 200 צו 50 פראנק פאר יעדען, און פון איבער 1000 צו 75 פראנק פאר יעדען. ווי ווייט דורך דעם נעזעץ זענען געשטיגען די אבצאהלונגען אויף די גרויסע קראמען, קען מען זעהן דערפון, אז באן מארשע האט אנשטאט 261 טויזענד פראנק גדרא־פט צאהלען 424 טויזענד, און לוור האט אנשטאט 278 טויזענד געדארפט צאהלען 433 טויזענד פראנק א יאהר.

ווי שווער דאס דאזיגע געזעץ איז ניט געווען פאר די גרויסע קראמען, האט עס פון דעסטוועגען זיי ניט אבגעהאלטען אין זייער וויטערדיגען וואקסען. דער בונד, וואס איז געגרינדעט געווא־ען מלחמה צו האלטען געגען די גרויסע קראמען איז געגאנגען נאך ווייטער און האט ארויסגעשטעלט נאך שווערערע פאדערונגען. ער פערלאנגט איצט פון דער רעגירונג א נייעס געזעץ געגען די גרויסע קראמען, לויט זיין פראיעקט זאל די קראם צאהלען אזוי פיעל פראנק פאר יעדער משרת ווי פיעל משרתים עס זענען ביי איהר בכלל פאראן. האט למשל די קראם 10 משרתים, זאל זי צאהלען צו 10 פראנק פון יעדען, האט זי 100 משרתים, זאל זי צאהלען צו 100 פראנק פון יעדען משרת און אזוי ווייטער. חוץ דעם ווערט נאך פערלאנגט, אז די גרויסע קראמען זאלען צאהלען בעזונדערע אבצאהלונגען פאר יעדער אבטהיילונג און גרויסע אבצאהלונגען פאר די דירה. אזוי אז באן מארשע אדער לוור וואלטען גע־דארפט לויט דעם דאזיגען פראיעקט צאהלען דער רעגירונג צו צעהנדליגע מיליאנען א יאהר.

עס פערשטעהט זיך, אז אזוינע אבצאהלונגען וואלטען געוויס פערצאמט דעם וועג פאר די גרויסע וועלט־קראמען, נאר אזא געזעץ וועט די רעגירונג געוויס ניט אננעהמען. ווען די רעגירונג מאכט אין ערגיץ ניט קיין שווערקייטען פאר דעם קאפיטאל, ווען זי ערלויבט ארייננצולעגען גרויסע קאפיטאלען אין מסחר און אין גרויסע פאברי־קען, וועלכע שלינגען איין די קליינע געשעפטען מיט די קליינע פאבריקען, קען זי אויך דא ניט פערצאמען דעם וועג פאר די קאפיטאליסטען און זיי פערווערען צו עפענען גרויסע קראמען.

און מיר זעהען טאקי אויך, אז נאכדעם ווי אין יאהר 1889 איז אנגענומען געווארען דאס געזעץ וועגען העכערע אבצאהלונגען אויף די וועלט מאגאזינען, האט די פראנצויזישע רעגירונג שוין מיט 2 יאהר שפעטער געמאכט ערלייכטערונגען פאר די קראמען וואס האבען איבער 1000 משרתים.

ל. זאסולין.

# ראשחודש.

א קורצ'ן צעטיל פון רומענישע גזירות:

1864 — יודען טארען קיין אדוואקאטען נישט ווערען.

1866 — יודען ווערען פערדעכענט אלס פרעמדע. דאס נאטירליך בעפרייט זיי נ־ט פון דיענען אין מיליטער־ פון בלוט־פערגיסען פאר'ן „פאטערלאנד" !

1873 — יודען טארען נישט האנדלען מיט בראנפען.

1881 — ווערט ערלויבט דער פאליציי צו מאכען, ווען עס פאלט איהר א־ן, רע־וויזיעס אין יודישע הייזער און ארויסצוטרייבען פון לאנד אונבעקוועמע יודישע פאמיליעז.

אין זעלבען יאהר ווערט וועקסעל און קאמיסיאן געשעפט ערקלערט אלס מאנא־פאל פאר רומענער.

1883-1887 — עס ווערט פערמאכט די לאטעריע, און טויזענד יודישע פאמיליען, וואס האבען דערפון געלעבט, בלייבען אהן פרנסה.

עס ווערט פערבאטען פאקענטרעגעריי און פינף־טויזענד יודישע פאמיליען, וואס האבען זיך דערמיט בעשעפטיגט, בלייבען אהן ברויט.

יודען טארען קיין מיטגליעדער אין האנדעלס־קאמערן נישט זיין.

עס ווערט זיי פערוועהרט פארצוטרעטען פאר פרידענס־ריכטער.

זיי טארען נישט דיענען אלס שטייער־איינגעמער אין מאגיסטראט.

דער טאבאק־האנדעל ווערט יודען פערוועהרט.

זיי טארען קיין בעאמטע נישט זיין; נישט אננעמען קיין עפענטליכע ארבייט.

רומענער, וואס בעשעפטיגען יודען אין דעטאיל־געשעפטע, ווערען בעשטראפט.

1889 — יודען טארען קיין וויכטיגערע פאדריאדען ביי אייזענבאהנען נישט אננעמען.

די צאהל פון יודישע ארבייטער ביי אייזענבאהנען ווערט בעשרענקט אויף 40 פראצענט.

1896 — די אימויסטע פאלקסשולען ווערען פאר יודען פערמאכט. זיי קענען נור אנגענומען ווערען דעמאלט, ווען עס בלייבט פרייער פלאץ נאך די רומענער. און אויך מוז מען פאר יודישע קינדער צאהלען.

1898 — מיטעל־און־האכשולען (גימנאזיומ'ס און אוניווערזיטעטען) ווערען פאר יודען געשלאסען.

1901 — די אויסשענק פון ביער און קאַווע, ווי אויך דער פערקויף פון פערביי־סען און בעקעריי זאַכען ווערט יודען פערוועהרט.

און צום סוף (אויב צרות האָבען אַ סוף) דער לעצטער שלאג:

1902 — יודען טאָרען נישט אַרביי־טען אין האַנדלען און פאַבריקען...

פערמדרע (לעז: יודען) טאָרען זיך נישט בעשעפטיגען אין רומעניען מיט קיין גע־ווערב (מלאָכה), ביז זיי בעווייזען נישט, אַז אין וייער לאַנד האָט דער רומענער דאָס זעלבע רעכט...

אלע פאַך־שולען ווערען פאַר יודען פערמאַכט; זיי טאָרען אויך נישט אי־נטרע־טען אין די צעכען!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אייראָפּא, וואָס האָט רומעניען בעפרייט פון אונטער דער טירקישער יאָך און אויס־גענומען די זאָל יודען גלייכע רעכטע געבען, זעהט אין הערט און שווייגט, יעדערער האָט אַזוינע ווינד אויפ'ן געוויסען (אויב פעלקער האָבען עס) אַזוינע זינד, שווערערע, לייכטע־רע—עמיץ זאָל קענען מוסר זאָגען יענעם און אַליין נישט רויט ווערען...

„און אמעריקא — האָבען מיר זיך איינגעדריקט אין איינעם פון די פריה־ערדיגע ראש־חודש'ען — אמעריקא, וואָס האָט נעגוג לאַנגע הענד געהאַט, צו דערגרייכען ביז הישפאַניען און אויסרייסען איהר קיבא פון מויל, האָט צו קורצע הענד צו דערלאַנגען ביז רומעניען". נאָר אויב נישט נענוג לאַנגע הענד, אַ גרויס מויל האָט עס. שרייען קען אמע־ריקא... און שרייען מוז עס, ווייל טויזענדער רומענישע יודען אנטלויפען פון ניהונים, פון שחט'הויז צום פרייעם לאַנד... און אמעריקא, אויבוואוהל זי האַלט יודען פאַר פיין, גוט, עהרליך, פעהיג און ארבייטזאַם, קען אַזוי פיעל יודען מיט אמאָל נישט פערדייען — און אמעריקא איז אַרויסגעטרעטען מיט אַ געוואַלט־שרייענדיגען פראָטעסט געגען רוצח'שע, מערדערישען רומעניען!"

אייראָפּא (אויסער ענגלאַנד, וואָס ליידט, גלייך מיט אמעריקא אייך יודישע־עמי־גראַנטען קרענק) שווייגט! זי, איז מען אָפּיציעז מודיע אויפ'ן ווינק, פיהלט זיך אפילו בעליידיגט! ס'טייטש, ווי קומט אמעריקא אַ דעה צו זאָגען אין אייראָפּא?! סדום'ס טענה צו לוט!

דאָך גאָר אָהן אַ ווירקונג איז דער אמעריקאַנישער פראָטעסט, פון ענגלאַנד אונ־טערגעהאַלטען, נישט געבליבען. רומעניען איז קלוג, רומעניען האָט פערשטאַנען, וואָס אמעריקא און ענגלאַנד מיינען, און האָט אַרויסגעגעבען אַ שטילע, נור אַ נייע גזרה — מען זאָל יודען קיין אויסלענדישע פּאַספּאָרטען נישט אַרויסגעבען.

אַ קאָמפּאַניע עמיגראַנטען האָט מען פון דער גרעניץ צוריק געפיהרט.

און אונזערע אייסלענדישע אסימילאַנטען האָבען אוודאי פריי אָבגעאָטעמט: פטור פון רומענישע יודע!

עס וועלען פערמאַכט ווערען די באַראַקען, בילינע קיכען, שפיטעלער, פאַר עמי־גראַנטען; אויס קאָמיטעטען! און מען וועט זיך רוהיג נעמען צו וויכטיגערע פראַגען: צי זאָל מען איבערטראָגען שבת אויף זונטאג! צי איז די צאָהל פון פרעדיגער און קאַנטאָ־רען נישט צו קליין? וכדומה...

די רומענישע יודען וועלען זיך בראַטען אויף'ן לאַנגזאַמען רומענישען גיהי"ם־פייער, נאָר די וויענער לאַנגע און פיינע צדקה־נאָז וועט דעם סוואָנד פון גערייכערטען פליש נישט פיהלען — הונדערטער און טויזענדער וועלען איינגעהען פאַר הונגער, נאָר די קלאָרע צדקה־אויגען וועלען עס נישט זעהען, און דאָס ווייך־באַרמהערציגע האַרץ וועט נישט וועה־טהון... איי וואָס, עולם־הבא? צדקה ומעשים טובים וועט אויף'ן אַרט אויך נישט פעהלען!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נישט אויף ישועות ונחמות האָבען מיר זיך צו ריכטען פון רומעניען, וואו דאָס גע־זעץ האָט ערקלערט יודען אַלס פרעמדע און רייסט ביי זיי אויס דעם לעצטען ביסען פון מויל, און נישט אויף בשורות טובות פון גאַליציען, וואו יודען זענען גלייך בערעכטיגט, וואו דאָס געזעץ מאַכט קיין שום אונטערשייד נישט צווישען „גאַנצע" און „בעשניטענע", ביי דער פאַפירענער פרייהייט ווערען די קנאַפע 9 מאָל הונדערט טויזענד יודען אין גאַ־ליציען באַיקאָטירט, אַרויסגעטריבען פון יעדען געווערב, פון יעדער בעשעפטיגונג, און שלעכט בעהאַנדעלט און ערנידעריגט אויף יעדען שריט און טריט. עס האָט זיך אויס־גערעכענט, אַז 2 מאָל הונדערט טויזענד יודען זענען איינפאַך אָהן ברויט, לעבען פון בעטלען, פון גראָשענדיגער צדקה. נישט דאָס געזעץ טהוט עס, נאָר דאָס פאָלק, דאָס פאָלק אַליין פון אַרבייטער ביז'ן שלאַכציץ, ביז'ן העכסטען בעאַמטען אין דער אַדמי־ניסטראַציאָן, אין געריכט... פון צייט צו צייט ווערט דאָס פעביל אונטערגעהעצט און מאַכט פאָגראָמען אין דערפער און שטעדט; פון צייט צו צייט ווערען יודישע הייזער, גאַסען אין שטעדטליך אונטערגעצונדען און פערברענט; פון צייט צו צייט — יודישע טעכטער פער־האַפט, פערפיהרט און אָבגעטויפט...

דאָס פאַפירענע געזעץ שווייגט, און די קראַפט פון געריכט און פאָליציי טרעט נישט איבער די שוועל פון קלויסטער!...

עס איז שלעכט, און עס מוז ערגער ווערען, עס מוז, ווייל די אַלגעמיינע עקאָנאָ־מישע לאַגע גאַליציענס פאַלט פון טאָג צו טאָג! עס איז שלעכט און עס מוז ערגער ווע־רען, ווייל אַ מאַסע פון די גייסטליכע אָרדען, וואָס האָבען זיך נישט געוואָלט אונטער־געבען דער פראַנצויזישער רעגירונג און האָבען געמוזט אַרויס פון פראַנקרייך, האָבען זיך טשילערהייט איבערצויגען און בעזעצט אין גאַליציען. גאַליציען וועט פרומער, וועט, אויב עס איז מעגליך, קאַטוילישער ווערען און די רעאַקציע וועט וואַקסען וואָס אַמאָל שטאַר־קער... און, ווי געזאָגט, ביים טויער פון קלויסטער ענדיגט זיך די מאַכט פון קייזערליך־קעניגליכען בעאַמטען!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין רוסלאַנד האָט די רעגירונג ערלויבט אויף איין אַלגעמיין יודיש־רוסיש־ציוניס־טישע פערזאַמלונג אין גובערניאַל שטאָדט מינסק. די אַסיפה איז געוועזן אַ גרויסע און האָט מיט דער צאָהל פון די דעלעגאַטען, ווי אויך מיט דער אַרבייט איבער די עטליכע טעג, בעוויזען, אַז די ציוניסטישע בעוועגונג וואַקסט פון טאָג אויף טאָג.

די פערזאַמלונג האָט געעפענט ד"ר ברוק מיט אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט פעסטגעשטעלט און ווי עס זעהט אויס מיט דער איינווילליגונג פון דער מעהרצאָהל אויף דער אַסיפה, אַז די ציוניסטישע אַרבייט בעשטעהט נישט נור אין דער פאָליטיק, וואָס איי־

צעלנע פערזאָנען קענען פיהרען איס נאָמען פון דער גאַנצער פאַרטיי, נאר אויך און נישט ווענינער, אינם שטרעבען אויפצוּוועקען די פערשלאָפענע קרעפטען פון פאָלק, צו ענט־וויקלען זיי און אָרגאניזי־ען, דאָס פאָלק, וואָס האָט ביז אַהער בענוצט אזוי פיעל קראַפט און ענערגיע אויף אויסהאַלטען, איבערלעבען, און שוויינענדיג ליידען, מוז אָנהייבען פער־ווענדען די קראַפט אויף אויפלעבען, פעראיינינען און אָרגאניזירען זיך.

פון די בעריכטען איבער דער ציוניסטישער בעוועגונג אין די ראיאָנען אין רוסלאַנד האָט זיך אויסנעוויזען, אַז איבער דער קורצער צייט האָבען זיך פערמעהרט אזוי די צאָהל פון די פונקטען, וואו דער ציוניזם האָט זיך אָנגענומען, ווי אויך די צאָהל פון איינצעלנע ציוניסטישע פעראיינען; די שקל־סומא איז אויך געוואַקסען, דער פערקויף פון אַקציען פאַר דער קאָלאָניאַל־באַנק איז גוט געגאַנגען; עס איז נעזאַמעלט געוואָרען פאַר׳ן נאַציאָנאַל־פאָנד, און די קולטור פראַגע, ווי עס ווייזט זיך אויס, בעשעפטינט דאָס מעהרסטע פעראיינען. עס עקזיסטירען מאַסען פעראיינען און עס גרינדען זיך נייע מיט׳ן צוועק צו לערנען העברע־איש, יודישע געשיכטע, צו גרינדען מוסטער־חדרים און דעסגלייכען. די עקאָנאָמישע פראַגע פערנעמט אויך אַ געוויסען פלאַץ אינם פעראיין־לעבען. עס ווערען צוזאַמענגעשטעלט אַרטעלען, אַלערליי אַרט אַרבייטער־צוזאַמענלעבען און ווירקען, עס ווערען געעפענט בי־ליגע קרעדיט־קאַסען א. ד. ג.

אויף דער פערזאַמלונג האָבען זיך דאָס ערשטע מאָל די רוסיש־פוילישע ציוניסטען געשפאַלטען אויף דריי אונטערפאַרטייען.

[1]) „מזרחי״ — וואָס פערזאַמעלט אונטערן פאָהן ציוניסטישע רבנים, אזוי קאָנסער־וואַטיוו־פרומע יודען, ווי אויך אַ געוויסע צאָהל אינטעלעגענטען „בעלי תשובה״... אָן דער שפיץ שטעהט דער לידער רב — ריינעס.

[2]) די פראַקציע, אָדער די „ראַדיקאַלע״ אָדער די „פאָלקס־פאַרטיי״, וואָס בעשטעהט ס׳רוב פון יונגע ציוניסטען, אויסלענדישע און אינלענדישע סטודענטען — אָן דער שפיץ שטעהען מאָצקין און ד״ר ווייצמאַן.

די פאַרטייען זענען די רעכטע און די לינקע אין ציוניזמוס.

בשעת ווען מזרחי בויט אַלעס אויף רעליגיאָן, און ציטערט פאַר „קולטור״ נישט לויט דער רבנישער רעצעפט; בויט די פראַקציע אויפ׳ן נאַציאָנאַל־געפיהל, נישט אָב־העננינג פון גלויבען און פרומקייט.

פון דער רעכטער און לינקער שנייד זיך אָב אַ געוויסע

[3]) מיטעל פאַרטיי, וואָס בעשטעהט: פון „ווילדע״, וואָס ווילען נעהמען וייער איי־נענעם וועג; פון ציוניסטען, וואָס האַלטען דאָס שפאַלטען פון ציוניזמוס אויף אונטער־פאַרטייען פאַר שעדליך אין אזוי מיטעלמעסיגען...

בעמערקט איז געוואָרען, אַז די פראַקציע האָט זיך, וועהרענד דער אסיפה, אין דער צאָהל פון אנהענגער געשטאַרקט.

אויסער מיט בעריכטען פון אַלע ראיאָנען, האָט זיך די מינסקער ציוניסטישע פער־זאַמלונג בעשעפטינט מיט צוויי הויפט־פראַגען — וועגען אָרגאַניזאַציע און קולטור.

וועגען אָרגאַניזאַציע איז מען צו קיין פעסטען בעשלוס נישט געקומען און נעזעצט אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל פאָרשטעלען דער צווייטער אַלגעמיין־רוסיש־ציוניסטישער

פֿערזאַמלונג, ווען נישט — דעם קאָנגרעס אַ נייעם פּראָיעקט. בנוגע צו ק ו ל ט ו ר איז געבליבען, ע ר ש ט ע נ ס, אז קולטור ווערט גערעכענט פֿאר איינע פֿון די וויכטיגסטע נאציאָנאל ארבייטען; עס זענען געוועהלט געוואָרען צוויי קולטור קאָמיסיאָנען, איינע פֿאר דער פֿרומער „מזרחי" פּאַרטיי, די צווייטע פֿאַר די פֿרייע ציוניסטען, און געבליבען איז אַז די שקל־קאַסע דארף ב י י ד ע שטיצען, די ציוניסטישע קולטור־ארבייט איז, ווי עס זעהט אויס, בעגרעניצט געוואָרען אויף א נ אַ צ י אָ נ אַ ל ־ ק ו ל ט ו ר — העברעאיש, יודישע געשיכטע, רעפֿאָרם פֿון חדרים און ישיבות און דערגלייכען...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אויף י ו ד ע ן האָט די מינסקער פֿערזאַמלונג געמאַכט איין איינדרוק אַ ג ר ו י ס ע ן, אָבער נאָך אַ גרעסערן אויף דער פּוילישער פּרעסע.

דעם צופֿאַל, אַז פֿאַרן עפֿענען די אסיפֿה האָט עמיץ בעליידיגט דעם „פֿאָרשטע־הער" פֿון דער „גאזעטא פּאָלסקא" און דער איז אנטלאָפֿען פֿון מינסק, האָט מען אויפֿגע־בלאָזען ווי אַ „לונג־און־לעבער" און געמאַכט דערפֿון אַ אַנטיסעמיטישען „פּתים־ירעמסס"... דעם „קאָרעספּאָנדענט" האָט מען אויפֿגעהויבען ביז צו דער מדרגה פֿון לכל־רבּחות איין אמבאסאדאָר אין אַ פֿרעמדער מדינה, בעפֿאַלען זענען דעם אמבאסאדאָר, הונדערטער, אויב נישט טויזענדער דעלעגאטען! ווילד, בארבאריש, שרעקליך! און דער צוועק דערפֿון איז געווען מען זאָל קענען ארבייטען אין דער פֿינסטער. בסוד פֿאַר'ן קריסטליכען פּו־בליקום, און — וואו אַ סוד, איז אַ גנבה, בפֿרט אַ יודישער סוד! מען וויל, וועניגסטענס אונטערמיניערן פּוילען און אויסשיעסען אין דער לופֿט! און דאָך האָט די פּוילישע פּרעסע פֿון דער מינסקער פֿערזאַמלונג נישט וועניג געשריבען! און ווי עהרליך! למשל:

די מינסקער אסיפֿה האָט ערקלערט העברעאיש אַלס נאַציאָנאַל־שפּראַכע, און די קלוגע פּוילישע פּרעסע, וואָס חאַפּט אַלץ פֿון דער לופֿט, ווייסט נישט קיין אונטערשיעד פֿון ה ע ב ר ע א י ש ביז יודיש, (זיי ברענגען גאַנץ אָפֿט איבערזעצונגען (נאַטירליך — גע־פֿעלשטע) פֿון „זשאַרגאָנישען" „המליץ" צי „הצפֿירה"!) און באַלד איז אויסגעבלאָזען גע־וואָרען אַ שרעקליכע נאַכריכט, אַז די מינסקער אסיפֿה האָט בעשלאָסען, אַז די יודישע נאַציאָנאַל־שפּראַכע איז זשאַרגאָן! און זשאַרגאָן — זאָגט די פּוילישע פּרעסע — איז דייטש; דייטש איז היינט אין פּוילען טרפֿה ווי חזיר, איבער דער האַקאַטע! על כּן: ווילען די ציוניסטען, דאָס הייסט אַלע יודען, רעדען דייטש, ווערען האַקאַטיסטען און לכל־הפּחות — חרב מאַכען פּוילען!

מיט שוים אין די מיילער ווערען דערצעהלט טויזענדער שקרים, בלבולים...

אין דער אֱ מ ת — די פּוילישע פּראַוודאַ?

די „פּראַוודאַ" מוז זיין אָריגינעל און פֿריי! זי זאָגט קיין שום פֿאָלק נישט אָב דאָס רעכט צו האָבען איין אייגען לאַנד און צו לעבען דאָרט זיין בעזונדער לעבען — נאָר פֿאָרבערייטען זיך דערצו דאָ, ביי דער פּראַוודאַ אין פּוילען — דאָס איז איין אונערהערטע עוולה! ריים פֿון עץ החיים עפּיל וויפֿיעל דו ווילסט, נאָר איבערן צוים פֿון גן־עדן קריך נישט און אויפֿ'ן וועג צום בוים זאָלסט דו קיין פֿוס נישט שטעלען!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דער בעריהמטער פראנצויזישער שרייבער זאלא איז פערגאַריט געוואָרען און גע־שטאָרבען.

„די פוילישע „ראלא" שרייבט: זאָלא האָט נישט געגלויבט אָן גאָט, ער איז ווידער־שפענסטיג געוואָרען ויין היילינען קלויסטער — אַ מצוה אויף איהם! איהר שפיעלט אייך מיט גאָט?"

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

נאָר אויב די אַנטיסעמיטיש־פוילישע פרעסע (ראָס הייסט $3/4$ פרעסע מיט 90 פראָ־צענט לעזער!) האָבען ווענינ סימפאטיע פאר זאָלא און נאָך וועניגער פאר דער מינסקער אסיפה, צונעהט זי זיך פאָר דאָס ווי אַ וואסער אויס לויטער רחמנות איבער דער אימ־גליקליכער לאנע פון אומגליקליכען רומעניען — — —

עס זיצען אין איהר יודען ווי די ווערם אין אַ פלוים, און פרעסען זי אויף, און וויל מען זיך פערט־יידינען, נישט לאָזען זיך אויפפרעסען פון די ווערמינע וועלף (אזוי וואקסט אלץ ביי אנטיסעמיטען אין די אויגען) קומט אמעריקא, אונטערגעהעצט פון יודישע באַנק־קערען און פראָטעסטירט!—און עס געהט דורך אַ געוויין דורך די „בלעטער", און דער פויליש־קריסטליכער לעזער לעזט און מאַכט פויסטען און קריצט מיט די ציינער... און די יודיש־פוילישע אינטעלעגענץ, וואָס ערנעהרט זיך און דערהאַלט די יודישע נשמה מיט די פוילע קריסטליך־אנטיסעמיטישע בלעטער שמייכעלט: אלץ לאָזט זיך איבערקויפען! שאדט נישט! און נעהט רוהינ אין טהעאטער, אין צירק אריין... איבערקויפען זאל ראָטשילד בלייבדער!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

געשטאָרבען איז דער מעמעלער רב — ד"ר י. ריליף.

די ציוניסטישע פארטיי פערליערט אין איהם איינעם פון איהרע טהעטיגסטע מיט־גליעדער. די דייטש־יודישע טעאָלאָגיע — איהר גרעסטען געלעהרטען און רוסיש־פויליש־יודישע עמינראנטען איין אויסלענדישען פריינד, און מיר האָבען ויי אַזוי וועניג ציווישען די דייטשע יודען!...

י. ל. צופעלינ.

# פאַר און געגען די פרוי.

גזואמעלטע אַפאָריזמען אויס דער וועלט־ליטעראַטור

צוזאמענגעשטעלט אויף יודיש

פון ד. פרישמאַן.

II.

(ענדע).

התונה נאָך ליעבע, איז אַזוי ווי רויך נאָך פייער. — שאַנפאָר.

ליעבע איז אַ מין קדחת, דער חילוק איז, קדחת הויבט זיך אָן מיט קעלט און ענדיגט זיך מיט היטץ, ליעבע הויבט אָן מיט היטץ און ענדיגט זיך מיט קעלט.

ק. י. וועבער.

מיידליך זענען ווי פירות. אָנגעביסענע פערלירען זיי דעם ווערט.

ה. טהאָם.

מיט דער אמת'ער ליעבע איז עס אַזוי ווי מיט אַ שד: אלע יעדען דערפון, אבער קיינער האָט עס נישט געזעהען. — לאַ־ראָשפוקאָ.

נישט צונויף אַביסיל פאַלשקייט, שטאָלץ, ליסטיגקייט, קנאה, חשק די צייט צו פערברייגנען, חשק צו הערשען און אונטערטהעניג צו מאַכען — און פאַרטיג פאַר אייערע אויגען שטעהט די פרוי. — באַאַלאַ.

מיר וואָלטען אודאי נאָך ביז צום היינטיגען טאָג געווען אין גן־עדן, ווען גאָט וואָלט חוה'ן דאָס עסען פון עץ־הדעת נישט פערבאָטען, נאָר ווען ער וואָלט איהר אייננ־פאַך געהאַט געזאָגט: „מאדאם, דאָס פאַסט נישט". — ר. פּאַלק.

עהרליך אויסזעהען איז ביי זיי אלעס — יעדענפאַלס מעהר ווי עהרליך זיין.

א. לינדנער.

עס זענען פאַראַן מיידליך, וואָס עס פעהלט זיי נור צוויי פליגעלען, אום אמת'ע
גענג צו זיין.
הילאריוס.

---

עס זענען פאַראַן פרויען, וועלכע טרעפען בלינדערהייט די וואונשען פון זייערע
מענער — נור כדי אומגעקעהרט צו טהון.
ג. ענגעלסמאַן.

---

עס זענען פאַראַן צווייערליי פרויען אויף דער וועלט: אזאלכע וואָס האָבען
א האַרץ, און די דאָזיגע ליעבען נור איינעם, און אזאלכע וואָס האָבען נישט קיין
האַרץ, און די דאָזיגע ליעבען הונדערטער מענער.
אַטוואַיש.

---

פון לאָגיק פערשטעהט די פרוי גאָר נישט. איהר מוזט נור מאַכען, אז זי זאָל
וועלען. דאָס איז די גאַנצע קונסט.
א. לינדנער.

---

פון גאָלד, וועלכעס די נאַטור האָט אריינגעלעגט אין דאָס האַרץ פון א פרוי,
מאַכט די דאָזיגע — פאַלשע מטבעות.
X.

---

פון פרויען זאָלסט דו אַנטלויפען. זיי זעהען אויס ווי דער גן־עדן און זענען דער
גיהנם.
אַ איטאַליענישׁ שפּריכוואָרט.

---

פון צוויי פרויען וועט א מאַנספערשוין געוועהנליך די דאָזיגע מעהר ליעבען, וועלכע
פערדיענט עס ווייניגער.
ס. וואָהל.

---

פיעלע פרויען נעהמען זיך אַ ליעבהאָבער, נישט ווייל זיי ווילען איהם האָבען,
נאָר כדי אַנדערע זאָלען איהם נישט האָבען.
מ. לינדנער.

---

פרויען געהט עס מיט די קושען, ווי אונז מענער מיט די גלעזער וויין: איינס און
נאָך איינס, ביז — זיי האָבען אונז גובר געווען.
א. לינדנער.

---

פרויען ווייסען נישט אַ קלוגען מענשען צו שעטצען, אַזוי לאַנג, ווי זיי האָבען
נישט התונה — מיט אַ נאַרען.
מ. ג. זאַפיר.

---

פערליעבט זיין אין אַלע פרויען איז נישט געפעהרליך; געפעהרליך איז פער־
ליעבט זיין אין איינע.
מאַדאַם דע מאַנמאַרען.

---

פרויען זענען אָפט רעטעניזשען פון דעם דאָזיגען מין, וואָס אזוי באַלד מיר האָבען
זיי געטראָפען, האָבען מיר חרטה דערויף, וואָס מיר האָבען זיך אויף זיי אַזוי לאַנג די
ציינער צובּיסען.
פויל הייזע.

---

פרויען זעהען אויס בייז, ווען מען זאָגט זיי: איך האָב דיך ליעב — זיי זענען בייז, ווען מען זאָגט זיי דאָס נישט. ה. טהאָם.

---

פרויען זענען די בעסטע לייטער, אום דורך זיי הויך צו שטייגען — אָבער מען טאָר נישט אויף דער לייטער בלייבען. א. ה.

---

פרויען זענען צו אַלסדינג פעהיג — אפילו זיך צו פערליעבען אין זייערע אייגענע מענער. מאַרים יאָקאי.

---

פרויען ליעבען אויס נייגירדע, אויס איינבילדונג, אויס חשק נאָכצומאַכען, דאָס רוב אויס לאַנגווײלע — אמאָל אָבער אויך אויס ליעבע. ה. קאַנא.

---

פֿרֶענ־זֶשע די בְּלוּמֶען, פאַר וואָס זֵיי בְּלִיהֶען,
זֵיי מוּזֶען דאָך וֶועלְקֶען, פֶערְדַארְבֶען!
פְרֶענ־זֶשע הֶערְצֶער, פאַר וואָס זֵיי לִיעבֶען,
זֵיי מוּזֶען דאָך לַיידֶען און שְׁטַארְבֶען.
ה. הילגערט.

---

צַייהן און בַּאקֶענפַּארְב און הָאר,
אַלְסדִינְג פַאלְשֶׁע סְחוֹרָה נור;
עֶכְט נור זֶענֶען הַארְץ און צוּנג —
ווייל זֵיי זֶענֶען פַאלְשׁ שׁוֹין פון נאַטור.
מ. קאַלבעקק.

---

צווײמאָל האָט גאָט, כביכול, א טעות געהאט: איינמאָל ווען ער האָט בעשאַפען דאָס גאָלד און איינמאָל ווען ער האָט בעשאַפען די פרוי.

א אינדיש שפּריכוואָרט.

---

צום האַרץ פון א פרוי פיהרען צוויי וועגען: די ליענע און דאָס הֶגְפּ'נען. דאָס איינע איז אַ שמאָלע לייטער, דאָס אנדערע א ברייטע טרעפּ. פ. היגער.

---

צום התונה־האָבען געהערט מעהר מוטה ווי צו געהן אין מלחמה אריין.
כריסטינע פון שוועדען.

---

צרות אָהן ליעבע — דאָס איז מעגליך; ליעבע אָהן צרות — אונמעגליך.
נאַפּאָלעאָן... נאַטפּריעד פון שטראַסבורג.

קיין פרוי אויף דער וועלט איז ניט אזוי פאלקאָמען גוט, אז דער מאַן זאָל נישט ווענינגסטענס איינמאָל אין טאָג הרטה האָבען דערויף, וואָס ער האָט מיט איהר חתונה געהאַט. ג. עבערס.

---

קען דען באמת נישט א מענש געבוירען ווערען, אז נישט א פרוי זאָל מוזען דאַביי א העלפט מיטהעלפען. שעקספיר.

# יודישע וויטצען.

צונויפגעקליבען און בעארבייט

דורך ר י ש.

---

## 1) גוט געטראפען.

צוויי בחורים האָבען זיך געשפּאַרט אין בית־המדרש איבער א האַרב שטיקיל גמרא. קומט אַריין א אלטער מאַן א שניידער, וואָס האָט געהאַט א פּנים פון א שענעם יודען א למדן. ווענדען זיך די בחורים צו איהם, ער זאָל זיי זאָגען וועמער פון זיי איז גערעכט.

— ס'איז גוט — זאָגט דער אַלטער שניידער — וואָס איהר האָט געטראָפען אויף אזא יודען, וואָס קען, ברוך־השם, א שטיקיל גמרא: וואָס אָבער וואָלט געווען, ווען איהר טרעפט־אָן, א שטייגער, אויף א גראָבען יונג חלילה, וואָלט איהר דאָך איהם פערשעמט. דערפאַר, זעהט איהר, וועל איך אייך אויך ניט זאָגען, איהר זאָלט ווייטער וויסען אויף א אנדערס מאָל.

*

## 2) נאָר אַ אַנדערע זאַך קשה.

צוויי יונגע לייטליך האָבען זיך צוזאַמענגעשפּאַרט אַ היבשע צייט איבער א „כלומר" אין רש"י: איינער זאָגט אז רש"י קומט דאָ מיט'ן כלומר צו בעוואָרענען אזא קשיא, און דער צווייטער רעכענט א אַנדערע קשיא. קומט אַריין א שענער יוד אַ בעטאָגטער, בעטען זיי איהם, ער זאָל זיי זאָגען: וואָס מיינט דאָ רש"י מיט'ן כלומר, ווי דער צי ווי יענער?

דער אַלטער מאַן אָבער איז געווען גאָר אַ קליינער ידע ספר. נאָכדעם וואָס ער האָט לאַנג אַריינגעקוקט אין רש"י, זאָגט ער זיי: מיר איז דאָ גאָר א אַנדער זאַך קשה.

— גאָר א אנדער זאַך! — וואונדערען זיך די יונגע לייטליך — וואָס נאָך פאַר א דריטע קשיא קען דאָ זיין?

— מיר איז קשה, פערשטעהט איהר מיך, ווי אַזוי קען מען עס גאָר לייענען אַז־יעלכע פיצליך אותי'תליך?

## 3) תמיד שלעכט.

דעם פסוק „כל ימי עני רעים" האָט איינער געגעבען צו פערשטעהן אזוי:

דעם אָרעמאַן איז תמיד אין אַלע צייטען שלעכט: האָט ער א מכה, געפינט זיך ביי איהם נישט קיין ציבעלע צו־צולעגען צו איהר; און אז גאָט העלפט איהם ער האָט שוין אַ ציבעלע, האָט ער דעמאָלט קיין מכה ניט...

# בה„לוח" באו המאמרים האלה:

1) אחר עשר שנים, אחד העם.
2) רשימות וזכרונות (מן הקונגרס הראשון), א. לודוויפול.
3) עם דמדומי חמה, שיר, ח. נ. ביאליק.
4) חמשה עשר באב בארץ ישראל, ספור, זאב יעב"ץ.
5) גלות שלמה, ציור היסטורי, דר. ש. ברנפלד.
6) ליל סתו, פ. היילפרין.
7) התורה והעבודה, דר. ח. ד. הורוויץ.
8) כונות ויחודים, מעין שירים בפרוזה, הלל צייטלין.
9) אגדת האדמונים אגדת ויראה מענ־דעלי מו"ס.
10) שושני סתו, שיר, פיכמאן.
11) מחשבות וחלומות, ציור, ר. בריינין.
12) מהות היהדות, דר. י. טהאן.
13) שק המלך, ספור, ר. א. ברוידעס.
14) לא באה, ציור, מ. וואולף.
15) רשימות קטועות, י. רדלר.
16) היהדות בתור דת ומדע, דר. ר. ניימרק.
17) לעת זקנה, תמונה, גנצר.
18) דור הולך, שיר, יהל"ל.
19) שאלת הגיתו, דר. מ. מאנדעלשטאם.
20) המשכיל מדור הישן, רשימה, א. רייזען.
21) רצפה בת איה, שיר, י. ל. ברוכוביץ.
22) מה יהיה? ציור, בן־אבי.
23) מלחמת שפתים, א. שולמאן.
24) בפעם הראשונה, ציור מחיי החדר, דר. י. ש. רנצר.
25) גשי הלאה ולבי לך! שיר, נח פינס.
26) עלילות דם, דר. מכס נארדוי.
27) נער־זקן, ציור, ד. י. זילבערבוש.
28) בחדר המשורר, שיר, מ. מ. הורוויץ.
29) הסנהדרין הגדולה, דר. אלפרד נאססיג
30) המפרש, ליזובניק.
31) השתחררות הרוח האנושי, דר. יוסף קלויזנר.
32) העם, דר. שמריהו הלוי.
33) התאומים, דר. מ. אייזענשטאדט.
34) דפים בודדים מספר זכרונות, י. ליאן.
35) אבות ההשכלה בליטא וגליציא. מ. ל. ליליענבלום.
36) בארץ המתים, א. יעקובוביץ.
37) לפנות בקר, שיר, ש. ל. גורדון.
38) שפת הגלות, מרדכי בן הלל הכהן.
39) שירת הרעם, ל. י. יפה.
40) מי ילך לפנינו, מ. קליינמאן.
41) חזות קשה, נחום סלושץ.
42) ציורים, מאת י. ל. פרץ.
43) הפרקציא העממית, ל. מוצקין.
44) מאיר הלוי לעטערס, תולדתו, גרשם באדער.
45) חיים שטינתל, דר. גוסטב קארפעלעס.
46) דר. יצחק רילף (תולדתו), ש. פ. ראבינאָוויץ (שפ"ר).
47) אדולף לאנדוי (תולדתו) הנ"ל.
48) מכתב מאלדד למידד, מידד.

מלבד עוד מאמרים נכבדים אחרים, כרוניקא עברית, הזכרות נשמות, ביבלוגרפיא ועוד.

נוסף ע"ז יבוא ב ה„ל ו ח"

דין־וחשבון פרטי ע"ד הכנסיה הציונית במינסק,

מאת מ ש ה ק ל י י נ מ א ן.

„DIE JÜDISCHE FAMILIE" — Monatschrift.

Verlag „Achiasaf". - Verantwortlicher Redacteur Josef Fischer, Krakau.

Druck von Josef Fischer in Krakau.